# פאָלק און לאַנד

פון
נתן מיליקאָווסקי

ניו יאָרק, 1928

# אינהאַלט.

# צו די לעזער.

אַ טייל פון מיינע רעדען און פאָרטראגען, וועלכע איך האָב געהאַלטען אין די לעצטע דריי יאָהר ביי פארשיידענע פאַרזאַמלונגען אין די פאַראייניגטע שטאַאטען, אַלס פארטרעטער פון קרן־היסוד, גיב איך דאָ איבער צו די לעזער, — אויף דעם פאַרלאַנג פון מיינע פריינד, און באַזונדערס מיין פריינד און חבר אב. גאָלדבערג, — אין דער זעלבער שפראַך און פון זעלבען אינהאַלט ווי איך האָב זיי אַרויסגעזאָגט פאַר טויזענטער צוהערער.

ניו יאָרק, שבט, תרפ"ח.

# א בריף פון צבי הירש מאַסליאַנסקי.

ברוקלין, נ. י., יאנואר 25טען, 1928.

מיין ליבער הארציגער פריינד און קאָלעגע, הרב המטיף נתן מיליקאָווסקי:

איך האָב געלעזען דיינע דריי אַרטיקלען: „די אידישע בענקשאַפט", „באַלפור דעקלאַראַציע" און „צי קאָנט איהר דאָס לאַנד?" אין מאַנוסקריפּט. זיי האָבען מיך פּשוט דעם אָטעם פאַרכאַפּט. איך האָב זיך בשום אופן ניט געקענט אָפּרייסען פון זיי ביז איך האָב זיי געענדיגט. איך האָב דורכגעלעבט מיט דיר גלייך אַלע דיינע ברענענדיגע הייליגע געפיהלען. אין דעם ערשטען אַרטיקעל האָב איך געביינקט מיט מיין גאנצער נשמה נאָך אונזער הייליגען לאַנד; אין דעם צווייטען האָב איך דורכגעשוואומען מיט דיר גלייך אין דעם מורא'דיגען בלוטיגען ים, אין וועלכען אונזער אומגליקליך פאָלק שווימט שוין ביינאַהע צוויי טויזענט יאָהר; און אין דעם דריטען האָב איך זיך דערמונטערט מיט די לעבעדיגע בילדער פון דעם „בנין הארץ", די ימים, די טייכען, די קאָלאָניעס מיט די שמעקעדיגע פּרדסים, די יונגע וועלדער מיט די גרינע פעלדער — אַלע, אַלע זיינען ווי אַ לעבעדיגע פּאַנאָראַמע דורכגעגאַנגען פאַר מיינע אויגען און איך און מיין צובראָכענער גייסט האָבען אָפּגעלעבט!

איך האָב געמיינט, מיין טייערער חבר, אַז דיין קראַפט ליגט נאָר אין דיין טאַלאַנטפאָלען רעדנערס־קראַפט, אָבער דיינע שריפטען האָבען מיך איבערצייגט אַז דיין פען איז אַזוי מעכטיג ווי דיין צונג, און דיינע שעהנע בילדער ווערען נאָך שטאַרקער אין שריפט ווי אין שפּראַך. דו ביזט נאָך יונג, מיין ליבער חבר, דו וועסט נאָך דערלעבען זעהן מיט דיינע אויגען פּתרונים צו די חלומות וועלכע מיר חלומ'ען אין אונזער לעבען.

דיין פריינד, חבר און פאַרעהרער,

צבי הירש מאַסליאַנסקי.

# אַ בריף פון דר. א. קאַראַלניק.

ליבער חבר נתן מילייקאָווסקי.

איך האָב געלייענט אייער „פאָלק און לאַנד" און איך דאַנק אייך — פאַר די התעוררות. זיי האָבען מיך אויפגערודערט — אַט די בלעטלעך. איהר האָט געמאָלט בילדער פון נויט און פיין, און פון די טויטע אויתיות אַרויס האָב איך אַרויסגעהערט דעם קלאָגענדען, אָנקלאָגענדען טאָן פון דעם פאַרוועהטאָגטען.

איהר האָט געמאָלט בילדער פון פרייד, פון אויפלעבונג. און איך האָב נאָך אַמאָל דערזעהן אַט דאָס וואונדערבאַרע איינציגע לאַנד, די שעהנקייט און גרויסקייט, און די פאַר'חלומט'קייט פון ארץ ישראל.

און ווידער האָט מיר פון די שורות אַנטקעגען געקלונגען דער קול פון דעם זינגענדען האָפען.

זיי האָבען מיך אויף אַ ווײַלע פאַרוויגט אייערע ווערטער. און אויף אַ ווײַל זיינען מיינע ספקות צושוואומען און אַ הייסער קוואַל פון גלויבען האָט אַרויסגעשלאָגען, ווי אין דעם קוואַל פון אייערע ווערטער.

און דערפאַר דאַנק איך אייך, ניט ווי קיין קריטיקער, און ניט ווי קיין ליטעראַט, און ניט ווי אַ מענש פון ווערטער, נאָר ווי אַ איד, וואָס וויל האָפען און בענקט נאָך גלויבען אין דער צוקונפט פון „פאָלק און לאַנד".

מיט בעסטען גרוס,

דר. א. קאַראַלניק.

ניו יאָרק, פעב. 1, 1928.

# די אידישע בענקשאַפט.

ניט מיר, די טרעגער פון דער גאולה־אידעע, האָבען אויסגע־טראַכט דעם אידישען צער. ניט מיר האָבען דעם פאָלקס טרויער אין דער אידישער גאַס געבראַכט.

ער איז אַזוי אַלט ווי דער גלות.

באַלד נאָך דעם צווייטען חורבן, דערצעהלט אונז די אגדה, האָבען די חברים און תלמידים פון דעם גרויסען רבי יהושע בן חנניה זיך צו איהם געווענדעט, ער זאָל זיי ערלויבען צו פּראָקלאַ־מירען צער און טרויער אין אידישען לעבען; אידען זאָלען מעהר ניט געניסען פון וואוילטאָג און פאַרגעניגען — „לא נאכל בשר ולא נשתה יין"; ווי קאָן דער איד זיך נאָכגעבען די תענוגים פון לעבען, אז אונזער לאַנד איז פאַרברענט, די קינדער פון ישראל זיינען אין גלות פאַרטריבען, אונזער פרייהייט איז גערויבט, אונזער שטאָלץ, אונזער עהרע און זעלבסטשטענדיגקייט ווערען אונטער דעם שונא'ס פיס געטראָטען? מיר ווילען אז יעדער איד, וואו ער וועט געהן און שטעהן זאָל איהם דער טרויער ווי א שאָטען באַגלייטען; אז יענע פייערען וועלכע האָבען דעם בית המקדש פאַרברענט, די שטעדט פאַרוויסט, זאָלען אין זיינע ביינער ברענען, ער זאָל פון דעם צער און וועהטאָג פון זיין אומה זיין דורכגענומען און זיך קיינמאָל ניט קענען דערפון באַפרייען ביז דאָס פאָלק וועט זיין פאַרלאָרען לאַנד צוריק עראָבערען; דער טרויער זאָל זיך ווי

ראָסט טיף איינעסען אין אַלע זיינע רמ״ח אברים און שס״ה גידים און ער זאָל פון צווייפעל און יאוש צוגעסען ווערען און קיין זאַך אין דער וועלט זאָל ביי איהם מעהר קיין פרייד ניט אַרויס־רופען, און זאָל דער שטענדיגער צער וועקען זיין געוויסען, און זאָל דער טרויער צו ערלייזונג איהם רופען, שטאַרקען זיין ווילען צו באַפרייאונג. רבי! „לא נאכל בשר ולא נשתה יין. אין זיבען טרויער־שלייערען וועלען מיר אַלע דאָס אידישע לעבען איינהילען...

אַט אַזוי האָבען די תלמידים דאָס אידישע גלות פאָלק געוואָלט מדריך זיין. אָבער דער גרויסער לעהרער רבי יהושע בן חנניה האָט צו אַזאַ תרופה ניט געוואָלט מסכים זיין.

— קינדער מיינע, האָט ער אויסגערופען, וואָס ווילט איהר טאָן? זאָלען אידען זייערע קעפּ אין שטענדיגען טרויער בויגען, ניט עסען, ניט טרינקען, ניט געניסען פון לעבען, נאָר שטענדיג טרויערען אויף זייער פאָלקס חורבן? ניט קיין ערלייזונגס רוף איז דאָס, נאָר א רוף צו זעלבסטמאָרד. זאָלען מיר אַליין העלפען די אכזר׳ישע רוימער ברענגען צום אונטערגאַנג פון אונזער פאָלק? לא זה הדרך! ניט דאָס איז דער וועג, פאַרקערט, געהט, מיינע תלמידים צו די אידען און זאָגט זיי: קינדער פון ישראל, הויך און שטאָלץ זאָלט איהר אייערע קעפּ האַלטען, קוקט דעם שונא גלייך אין פּנים אריין, קיינמאָל זאָל ער אייער געפאַלענקייט ניט זעהן, עסט און טרינקט פון דאָס בעסטע, אין שעהנע ליכטיגע וואוינונגען זאָלט איהר וואוינען, היט אָפּ און שטאַרקט אייערע כחות כדי איהר זאָלט קענען די שווערע צרות פון גלות אַריבערטראָגען. ווילט איהר אין יעדען אידישען האַרץ אייערע הייליגע אידעען איינ־פלאַנצען, די האָפנונג, דעם ווילען און גלויבען אין אונזער באַפרייאונג שטאַרקען, דאַן, הערט מיין עצה: פעסטיגט דעם אידענ׳ס זכרון, למען תזכרו, זאָלען זיי נאָר געדענקען, און זייער געוויסען וועט פונקציאָנירען. גענוג פאַר אידען א „זכר לחורבן״. „יאכל אדם את סעודתו וישייר דבר מועט, יסייד אדם את ביתו וישייר דבר מועט״ — זאָל ער עסען זיין סעודה און זאָל איהם

וואויל באקומען, אָבער ער זאָל איבערלאָזען א ביסעל, א „זכר לחורבן", זאָל ער אויסקאלכען, אויסצירען זיין וואוינונג און הנאה האָבען, אבער ער זאָל לאָזען א ג ע ל ע ל אַ ט ע — א זכר לחורבן!

געווען פאר א אידען די טרויעריגע עראינערונג מכח זיין פאָלקס אומגליק, אז זיין געוויסען זאָל ניט איינדרעמלען. פארביי זיינע אויגען וועלען דאן דורכגעהן די צייטען פון זיין פאָלקס מלכות'דיגען לעבען, פון זיין גלאָררייכען עבר, ווען זיבען זונען האָבען באלויכטען די הימלען פון זיין געבורטס לאנד, ווען עס האָט געלעבט אין כבוד און אין פרייהייט, ווען אויף דעם טראָן אין יהודה זיינען געזעסען גאָט'ס געזאלבטע מלכים; ווען ער האָט געהאט זיין גייסטיגען צענטער, זיין בית המקדש, זיינע כהנים און לוויים, זיינע נביאים און זיינע סנהדרין; יענע זכרונות וועלען פארטיפען זיין ווילען, זיין בענקשאפט נאָך באפרייאונג און פרייהייט. א „זכר לחורבן" איז געווען, א בענקשאפט איז געווען.

פארזיגעלט זאָל זיין דער טרויער אין דעם פאָלק'ס הארץ, טיף אין דער אידישער נשמה פאר'חתמ'ט.

אינעווייניג, במעמקים, פארבאָרגען זאָל ברענען די בענקשאפט ווי א נר תמיד, א יאָהרצייט ליכט אויף דעם חורבן...

***

די רייד פון דעם גרויסען לעהרער זיינען געוואָרען די י ר ו ש ה פ ו ן ד ו ר ו ת.

וואָס ווייטער אַלץ טיפער, אלץ שטארקער, האָט דאָס פארבאָרגענע ליכט פון בענקשאפט זיך פאנאנדערגעברענט ביז עס האָט ווי א שפייענדער בארג, ווי א פייער פון א וואולקאַן אויסגעבראָכען.

דריי און זעכציג יאָהר האָבען זיך טיף אין דער אידישער

נשמה געזאַמעלט אַלע כחות, אַלע ענערגיען, צו אַ גרויסען מאָמענט, צו אַ אינערליכער אויפריהרונג, צו אַ זעעלען־שטורם.

איז דען די אגדה פון ר׳ עקיבא מיט זיינע תלמידים ניט אַ פירוש אויף אַט דער פאָלקס צוגרייטונג ?

אַ פּראָסטער פּאַסטוך, אַ פּיטערער פון שאָף איז ער געווען, אַלס איינפאַכער „עם הארץ" האָט איהם די אגדה באַצייכענט. אָבער מיט די געדעכעניש פון פאָלקס חורבן אין זיין וועזען, ווערט ער פּאַרוואַנדעלט אין דער הערליכסטער פּערזענליכקייט אין ־ער אידישער געשיכטע — אַ גייסטיגער ריז ! דער פּראָסטער פּאַסטוך באַשליסט זיין גאַנץ לעבען צו ווידמען צו הויכער בילדונג און וויסען, כדי ער זאָל שפּעטער קענען אַן אקאַדעמיע בויען, אידישע אינטעליגענץ, אידישע פיהרער און וועגווייזער ערציהען, אַן אָפּיצערען־שטאַב, לייטענדע מאכט שאפען, וואָס זאָל אָרגאַניזירען דאָס פאָלק פאַר דעם באַפרייאונגס קאַמף.

דער חלום פון יונגען מאַן ווערט די ווירקליכקייט פון זקן. דער גרייז, ווען ער האָט שוין דורך זיין גרויסען לעהר־אַנשטאַלט פיר און צוואַנציג טויזענט תלמידים אויפגעשטעלט, ווארפט ער זיך דאַמאָלסט אריין אין שלאַכט מיט אַלע זיינע תלמידים צוזאַ־מען. דארויף האָט ער זיי דאָך דערצויגען.

דערצעהלט אונז די אגדה, ווען ער האָט שוין צוועלף טויזענט תלמידים אָנגעזאַמעלט, וויל ער צו זיין געליבטער זיך אומקערען, אָבער זי דענקט, אז זיין אויפגאַבע איז נאָך ניט ערפילט, צו־וויניג זיינען די כחות. דאָס געפינט ער אוים אין אן אונטער־געהערטען געשפּרעך. ער קערט זיך דערום צוריק נאָך אויף צוועלף יאָהר, אום נאָך צוועלף טויזענט תלמידים צו געווינען.

ווער קען דאָס אונז ערקלערען דעם גרויסען מיין, די טיפע סימבאָלישע באַדייטונג וואָס איז אין יענע וואונדערבאַרע אגדות באַהאַלטען ?

ווער ווייס וואס פאר א טאכטער דאס איז געווען ביי דעם גרויסען גביר כלבא שבוע?

ווער קאן דאס געַנוי זאגען און וואס איז באשטאנען די ליבע פון דער וואונדער טאכטער רחל?

איהר רייכטום, איהר שעהנקייט, איהר גליק און איהר רייכען פאטער'ס הויז איז זי מקריב, איהר לעבען, איהרע יונגע יאהרען, אלץ גיט זי אפ פאר דער גרויסער אידעע, אז איהר מאן עקיבא זאל קענען ווידמען זיין לעבען פאר דער אויסבילדונג און דערהויבונג פון זיך און זיין דור.

די דאזיגע אגדה אין וועלכער עס זיינען איינגעוועבט פילע געשיכטליכע פאסירונגען, דערצעהלט אונז אויף איהר שטייגער, מכח דעם שעהנעם הערליכען חלום, וועלכען עס האט גע'חלומ'ט די רייכע אידישע טאכטער, זי האט גע'חלומ'ט פון אן אויפשטאנד פאר דער אידישער באפרייאונג, פאר וועלכען עס איז נויטיג גרויסער גייסטער, גרויסע פיהרער, מכבייער! און אין עקיבא דעם פאסטוך האט זי דערזעהן די פארקערפערונג פון דער אידישער נשמה, דעם טאפפערען העלד, וועלכער איז באזעעלט מיט הייליגער גבורה, פארצעהרט פון בענקעניש און טרויער נאך זיין לאנד און פאלק.

מיט איהם באשליסט זי איהר ליבעס־באנד צו פאראייביגען אבער מיט דעם באדינג, אז ער מוז פריהער א דור אויפשטעלען וואס זאל זיין רייף צו טראגען די גרויסע אידעע פון באפרייאונג.

א נערודער הויבט זיך אויף אין איהר פאטער'ס הויז, די איידעלע רחל, וועלכע האט באצירט און באשעהנט דאס לעבען פון דעם מעכטיגען גביר „כלבא שבוע" האט זיך גאר אין אן ארימען פאסטוך פארליבט? אבער קיינער אין דער וועלט קאן איהר באשלוס ניט ענדערען. דען דער בת־ציון באפרידיגט ניט מעהר קיין רייכטום, קיין גליק, אויב איהר פאלק ווערט אין שקלאפעריי

פאַרזונקען, איין אידעאַל, איין האָפנונג פילט אָן איהר לעבען — די באַפרייאונג פון איהר פאָלק און לאַנד פון די הענט פון שונא וועט קומען מיט דער הילף פון איהר געליבטען.

און די גרויסע שעה איז געקומען. דער גרויסער געלעהרטער דער מרביץ תורה בישראל, ר׳ עקיבא, צו וועמענ׳ס וואָרט דאָס גאַנצע פאָלק, אלע שיכטען און אלע קלאסען הערען זיך צו — ער געהט פון דאָרף צו דאָרף, פון שטאָדט צו שטאָדט, און רופט צו אַן אויפשטאַנד געגען די אכזרישע רוימער!

און וואָס טוען זיינע פיר און צוואַנציג טויזענט תלמידים? זיי זיינען די אָנפיהרער פון דער מחנה פון פיר הונדערט טויזענט גבורים, זיי שניידען אָפּ די פינגער פון זייערע הענט! עס איז אַ דעמאָנסטראַציע פון אויפאָפּפערונג, פון מסירות נפש פאר דעם פאָלק. די חכמים זיינען ברוגז אויף אזא טאַט. מאַכען די קינדער פון ישראל פאר בעלי מומים! — שרייען זיי.

עס בליצט אויף די גבורה אויך אין אַן אנדער פאָרם — רייטענדיג אויף אַ פערד האָבען זיי פאַרביילויפענדיג צעדערען מיט די וואָרצלען געריסען.

דאָס איז געווען דער אויסברוך פון דעם גרויסען צער, פון די באַהאַלטענע שמערצען וועלכע זיינען געווען פאַרזיגעלט אין דער פאָלקס נשמה.

דריי יאָהר האָט דער גרויסער קאַמף געדויערט. די שטימע שטיינער אויף די בערג פון ב י ת ר זיינען געווען עדות פון יענער לעצטער שלאַכט אין יהודה. ווען ניט די אייגענע פאַר־רעטער, קען זיין, אַז די רוימער וואָלטען די העלדען ניט באַזיגט. אָבער דער חורבן איז געשעהן. אַ פאַרבלוטיגטע איז די ציון פאָן געפאַלען, און די פאַרבליבענע פון דער מחנה זיינען זיך צולאָפען אין די בערג פון גליל אין ווייטען צפון, און דאָרט האָבען זיי

ווייטער אין זייער טרויער געוועבט דעם בלוי־ווייסען טלית פון גלויבען און האפנונג אין דער גאולה.

***

אונזער דור וועבט די ווייטערע פעדים פון יענער גרויסער פארגאנגענהייט, אבער מיט וועלכע מיטלען קענען מיר פארטזעצען דאס, וואס די העלדען פון ר׳ עקיבא׳ס צייטען האבען פאר אונז אנגעפאנגען?

די ערשטע זאך — זאל טיף איינגעווארצעלט ווערען אין דאס אידישע הארץ דער גלויבען אין דעם ענדליכען נצחון פון אונזער האפענונג, און אז כל זמן עס איז נאך דא איין איד, האט ארץ־ישראל נאך איהר געלעגענהייט.

א קליינער צי א גרויסער ישוב; א רייכער צי אן ארימער, אבער אויף דעם לאנד פון די אבות וועט דאס אידישע פאלק צוריק אויסוואקסען, אויפבליהען, „ואעשך לגוי גדול", א גרויס פאלק וועסטו ווערען, — האט גאט געזאגט צו אונזער פאטער אברהם, ווען ער איז נאר איין איד אין דער וועלט געווען. אפילו איין איד אין זיין היים, אויף זיין באדען, איז דער קרן, די פאר־זייאונג פון צאלרייכע דורות, ער איז דער יורש פון דער געטליכער ברכה: „ואגדלה שמך", און זיין היים וועט ער זיין א ברכה — „והיה ברכה".

אין דער פרעמד, אונטער אומשטענדען, ניט פון איהם געשאפען, וואס פאר א פלאץ קאן ער פארנעמען? ווער דארף זיין ברכה? ווער פיהלט זיין קללה? זיין פלוך — א חוצפה פון א גר. זיין ברכה — א חנפה פון אן אומגליקליכען. אין דיין היים — דיינע פיינד וועלען דערשפירען דיין צארן — „ומקללך אאר".

דיינע פריינד, דיינע געסט, וועלען זיין צופרידען מיט דיין קבלת פנים, גליקליך מיט דיין ברכה — „ואברכה מברכיך".

און א מוסטער וועסטו ווערען מיט דיינע לעבענס זיטען און מדות, „ונברכו בך כל משפחות האדמה”...

**
*

איז אָבער די גליקליכע בבל ניט ווייט פון דעם אייגענעם פארוויסטעטען לאנד, און אידען האָבען געפונען אין מעסאפּאָ־טאמיע אַן אומגעבונג פון פרייהייט און רייכטום.

אידען האָבען פעלדער פארפלאנצט. הייזער געבויט, רייכ־טימער געשאפען, קומען אָן פון דאָרטען גוטע גרוסען : אידען זיינען דאָרט זאט און גליקליך. און א רוף האָט זיך דערטראָגען פון גלות בבל : וואָס זיצט איהר, אומגליקליכע, צווישען די בערג אין גליל און הונגערט ? קומט אהער און לעבט מיט אונז !

וואָס איז דערויף געווען דער ענטפער פון אונזערע חכמים ?

חלילה ! קיין נאציאָנאל באוואוסטער איד זאָל ניט וואגען אונזער לאנד צו פארלאָזען ! דאָס אייגענע לאנד איז קדושה, די פרעמדע לענדער — טומאה — „גזרו טומאה על הארצות”.

אָבער רייכטום, פרנסה ? אזוי זאָגט איהר. אַלזאָ, זאָלט איהר אַלע קינדער פון ישראל געדענקען — האָט אויסגערופען ר' יוחנן : „טוב פת חרבה ושלוה בה מבית מלא זבחי ריב” טייטש : טוב פת חרבה זו ארץ ישראל שאפילו אדם אוכל בה פת ומלח ב כ ל י ו ם ודר בתוכה מובטח לו שהוא בן עולם הבא. מבית מלא זבחי ריב זהו חוצה לארץ שהיא מלאה חמסים וגזלות. (מדרש משלי).

ווען דעם פאָלק קומט אוים עסען א שטיקעל טרוקען ברויט מיט זאלץ טאָג־טעגליך אין ארץ־ישראל, איז עס דאָך א בן עולם הבא, האָט עס דאָך א צוקונפט. אין גלות א פולע שטוב מיט רייכטום וועקט אויף דעם אפעטיט פון די שכנים פאר רויב און גזלה.

היינט באַגרייפען מיר שוין אלע וואָס פאַר א קליינעם ווערט עס איז רייכטום אין גלות. וואו זיינען אונזערע מיליאָנערען פון רוסלאַנד, צום ביישפּיל? איבער דעם גאַנצען לאַנד האָבען זיי געשמ׳ט. עס איז ניט געבליבען קיין זכר פון זייערע נעמען. אין גלות איז העכסטענס א פּאָר דורות דויערט דאָס עשירות, ביי דעם דריטען, פערטען דור איז עס געענדיגט. און צוזאַמען מיט דעם אידישען עשירות געהען אוועק אויך די אידישע קינדער... איז דאָס געלט פארבליבען איז עס פארבליבען ביי אויסגע׳שמד׳טע קינדער.

רייכטום אין גלות!

גרויסע פארמעגענס געהערען אין יעדען לאַנד צו דער נאַציאָנאַלער ווירטשאַפט, צו דעם נאַציאָנאַלען עקאָנאָמישען סיסטעם. ביי א צוזאַמענשטורץ אין לאַנד געהט דאָס אריבער פון די הענט פון יחידים צום פאָלק. דאָס פּאָלק בלייבט אלץ דער בעל הבית. אידישע רייכטום אין גלות איז ניט מעהר ווי א רייץ פאַר שנאה, פאַר רויב און גזלה. א שטיקעל ברויט אין לאַנד פון די אבות, איז רוהיגקייט, גליק און זיכערקייט, דאָס איז ארץ־ישראל.

געהט ניט, קינדער — האָבען די חכמים געוואָרענט — פאַרלאָזט ניט אונזער לאַנד.

דאָס לעבען איז אבער שטאַרקער ווי יעדער פארבאָט, און אן עמיגראַציע האָט אָנגעפאַנגען פון ארץ־ישראל קיין בבל. עס האָט זיך געפונען אפילו אזא געלעהרטער ווי רבי יהודה אין בבל, וועלכער האָט געזאָגט: „כל הועלה מבבל לא״י עובר בעשה״. צוגעבונדען איז ער געווען צו דער הייליגער תורה, און אין בבל זיינען געווען די גרויסע צענטרען פון תורה און ליכט — די ישיבות פון רב און שמואל, אין פומפּודיתא און נהרדעה, און די ראשי גלותא און די ראשי מתיבתא, נשיאים און לעהרער, גרויסע פיהרערשאַפט אין תורה און חכמה אין אלע ווינקלען: ער האָט, ווי עס שיינט, געשטעלט די תורה אין גלות העכער, אפילו פון ארץ־ישראל. ד׳

יתודה איז אָבער געווען אַן אויסנאַם, ר״י בן בתירה, ר׳ מתיא בן חרש, ר״י און ר׳ יוחנן זיינען געווען גאַנץ אַנדערש, ווען זיי זיינען געגאַנגען לערנען אין די ישיבות פון בבל. איז ווי זיי זיינען נאָר ביז׳ן גרעניץ דערגאַנגען, האָבען זיי זיך דערמאָנט אָן ארץ־ישראל וועלכע בלייבט לעער און וויסט, און זיי האָבען זייערע קליידער צוריסען, מיט טרערען זיך באַגאָסען און האָבען דאַן דייט־ליך פאַרשטאַנען די כוונה פון פסוק „וירשת וישבת בה״, און זיי האָבען געזאַגט: ישיבת ארץ־ישראל שקולה כנגד כל המצוות שבתורה״ (ספרי ראה י״ג): דער ישוב אין ארץ־ישראל איז דאָס הייליגסטע געבאָט און עס וועגט איבער אַלע מצוות פון דער תורה — אַזעלכע גרויסע נשמות זיינען געווען פול. „ר׳ אבא הוי מנשק כיפי דעכו״, ר׳ אבא האָט געקושט די צושפּאָלטענע שטיי־נער פון עכו; ר׳ חייא האָט זיך אין דעם שטויב געקייקעלט ביז צום בלינד ווערען, דער גרויסער טייל עמיגרירט אבער אלץ קיין בבל און דאַן שרייען אוים אונזערע חכמים: „גדולה כתה קטנה בארץ־ישראל מסנהדרין גדולה בחוץ לארץ״ — א קליינע כתה אין ארץ־ישראל, ווי ערד־ארבייטער, בעלי מלאכות, זיינען פאַר אונז וויכטיגער, ווי דער גרעסטער קבוץ אין גלות.

היינט, נאָך צוויי טויזענט יאָהר וואַנדערען, פאַרשטעהען מיר אָט דעם גרויסען אמת. מיר, וועלכע האָבען דער וועלט געגעבען פיל רייכטום און באַלויכטען אַלע געביטען פון מענש־ליכען וויסען, אויפגעבויט און געשאַפען קולטור אוצרות אין אַלע שפּראַכען — מיר ווייסען שוין וואָס פאַר אַ קנאַפּען ווערט דאָס האָט געהאַט פאַר דעם אויפבוי פון אונזער פאָלקס־לעבען.

ניט אויף אונזער רעכענונג האָט מען פאַרשריבען אונזערע גאונים. און ניט זיי האָבען געבויט אונזער קולטור. די בראַנ־דעס׳עס, לי׳ס, גאַלאַנצ׳עס זיינען ניט קיין אידישע קריטיקער; די עהרליכס, די וואַסערמאַנס, די איינשטיינס זיינען דייטשען; די רעדינגס, סעמיועלס, מאָנטעגיוס — ענגלענדער; די לוצאַטיס, אשרס, איזראַעלס און אַנטאָקאָלסקיס — פרעמדע. אין אַלע

פארלאמענטען, אין אלע קאבינעטען, אין אלע געביטען פון וויסענ־
שאפט און חכמה; אין אלע קולטורען האבען אידען פארטיפט
אידעען, געבראכט נייע לאזונגען, נייע ווערטהען, געשאפען נייע
רייכטימער, נייע אוצרות, זיי האבען געשלייפט אלע שפראכען,
פארבעסערט, פארפיינערט אלע סטילען. נו, האט מען אונז דער־
פאר אויפגעהערט צו האסען?

האט מען אין וועלכער עס איז לאנד דרך ארץ פאר דעם
דאס פאלק וואס האט דער וועלט באשאנקען מיט גאונים, רייך
געמאכט די וועלט מיט גייסט, האט מען מיט אונז דערפאר מעהר
איינזעהעניש? גאט אין הימעל! דאס בלוטיגע צעטעל איז
באקאנט, עס שלאגט אונז דאס ציגיינער פאלק, די רומענער!
מען טרעט אונז מיט די פיס אין פוילען, אין ליטע, און אפילו אין
דייטשלאנד, וואו עס האבען געלעבט אונזערע היינעס, אונזערע
בערנעס, אונזערע לאסאלס, לאסקער, באמבערגער און אונזערע
ראטענאוס, וועלכע האבען דייטשלאנד גייסטיג און מאטעריעל
אויף דער העכסטער שטופע אוועקגעשטעלט. ווי באנעמט מען זיך
געגען אונז, וואס פאר א ווירדע האבען פאר אונזער פאלק אליין
געהאט אט די געלערטע און טאלאנטען וועלכע האבען באפרוכ־
פערט מיט זייער גייסט דעם גלות באדען?

א קליינער קבוץ אין ארץ־ישראל איז דער נאציאנאלער
יסוד — דארט וועט געשאפען ווערען א געזונטער קולטור לעבען—
„אין תורה כתורת ארץ ישראל ואין חכמה כחכמת ארץ ישראל“.

און ווי הארצגרייפענד איז די אגדה מכח משה רבינו וועלכער
האט ניט זוכה געווען צו קומען אפילו צו קבר ישראל אין אידישען
לאנד: יוסף׳ס ביינער ווערען געטראגען אין א שווארצען ארון,
און עס רופט אויס משה רבינו, אונזער היילגיגער פיהרער:
„רבש״ע, עצמותיו של זה יכנסו לארץ ואני איני נכנס“ — די
ביינער פון יוסף טראגט מען מיט זיך און איך קום ניט אריין אין
לאנד?

ניין! איז געווען דער געטליכער ענטפער.

רבש"ע! — בעט זיך דער האר פון נבואה — לאָז מיך אריינפיהרען מיין פאָלק אין לאנד, נאָר אריינגעהן זעהן דאָס לאנד.

יאָ! אָבער נאָר פון ווייטען; עלה על הר נבו" — זעה דעם מזרח און מערוב, דרום און צפון, אין לאנד אָבער קאָנסטו ניט אריינגעהן.

פאַרוואָס אַזאַ שרעקליכע שטראָף פאר דעם גרויסען פיהרער און געזעצגעבער?

ערקלערען די חכמים די סבה: „מי שהודה בארצו יקבר בארצו ומי שלא הודה בארצו לא יקבר בארצו" — דער ווער עס האָט אנערקענט זיין לאנד דער איז זוכה צו קומען צו קבורה אין זיין לאנד; ווער עס האָט ניט אנערקענט זיין לאנד, דער האָט האָט קיין זכות ניט אז זיין קבר זאָל זיין אין ארץ־ישראל.

האָט דען משה רבינו, חלילה, ניט מודה געווען אין ארץ־ישראל? מיט אדלער פליגלען האָט ער געטראָגען זיין פאָלק דורך ים און מדבר, אַלץ איבערגעלעבט דורכ'ן פאָלק און פאַר'ן פאָלק, נאָר איהם אין ארץ־ישראל צו ברענגען. וואס מיינט „מי שלא הודה בארצו"? און די חכמים האָבען געפונען דעם פּאַראַורטייר־לענדען מאָמענט: „יוסף יצא מבית האסורים ואמר מארץ העברים גנבתי, זכה להקבר בארצו" — יוסף איז ארויס פון געפענג־ניש האָט ער גלייך געענטפערט אז ער איז פון דעם אידיש לאנד; „משה רבינו שמע כי המדיניות אומרות איש מצרי הצילנו ושתק ולא מיחה, לא הודה בארצו" — משה רבינו אָבער האָט געהערט ווי דעם פּריסטער'ס טעכטער זאָגען צו זייער פאָטער, יתרו, אן עגיפּטער האָט אונז גערעטעט, און ער האָט געשוויגען און ניט פּראָטעסטירט, האָט ניט ערקלערט אַז ער איז פון אידישען לאנד, אן „עברי"! און אז אַ איד פארגעסט אויף איין מאָמענט זיין

לאַנד, זיין ארץ ישראל, דער איד זאָל ער זיין דער הייליגסטער, דער גרעסטער, אפילו משה רבינו אליין, דער קאָן מעהר קיין מאָל ניט זוכה זיין צו קומען אין ארץ ישראל; אין דער פרעמד זאָל זיין קבר בלייבען און קיינער זאָל ניט וויסען וואו דער קבר געפינט זיך.

אזוי גרויזאם איז די שטראָף פאר דעם וואָס פארגעסט אָן ארץ־ישראל!

אונזערע חכמים האָבען זיך געשטעלט די גרויסע אויפגאבע איינצופלאַנצען אין יעדער אידיש הארץ ניט נאָר ליבע, ניט נאָר א צובונד צו ארץ ישראל, נאָר אויך א שרעק, אן אימה ארויפצו־ווארפען אויף דעם אידען וואס פארגעסט אן ארץ ישראל.

מיט אלע זייערע חושים האָבען זיי געפיהלט, אז אויב ארץ ישראל וועט אונז באַגלייטען אויף יעדען טריט און שריט אין לעבען, בלייבען מיר א פאָלק, וואו מיר וועלען ניט זיין, אין וועל־כער לאנד מיר וועלען זיך ניט געפינען, האָבען מיר ארץ ישראל אין אונזער זינען און דענקען, אין אונזער גלויבען און האָפען, זיינען מיר א פאָלק. מיט א פארגאנגענהייט, מיט א גרויסער געשיכטע פון נביאים, מלכים, תנאים, גבורים און קדושים; האָבען מיר דאַן אויך אן עתיד, א צוקונפט. חלילה, אויסגעמעקט ארץ ישראל פון אונזער זכרון, דאן האָבען מיר איבערגעריסען די פעדים מיט אונזער עבר, מיט אונזער געשיכטע — איז אויך ניטאָ מעהר קיין צוקונפט — זיינען מיר חלילה פארלאָרען אין דער וועלט: ווער און וואס זיינען מיר דאַן? ציגיינער אומגליקליכע, אָהן אן אייגענער קולטור, אָהן אן אייגענער שפראך: א פרעמד לעבען, פרעמדע זיטען, פרעמדע געטער.

ארץ ישראל, דאָס איז די קמיע, וועלכע האָט אונז געהיט און געשיצט פון אונטערגאנג!

ארץ ישראל, דאָס איז דער שפּרודלענדער קוואַל פון וואַנען מיר האָבען געשעפּט אזוי פיל כח און ווילען, ווייטער צו קעמפּען און צו לעבען. נאָר דער גלויבען אז מיר וועלען נאָך דערלעבען דעם „יום הגדול״, דעם גרויסען טאָג פון משיח, האָט אונז אויפגעהאַלטען ביים לעבען און דערמונטערט צום קאַמף. צווישען די דרייצעהן עקרים, איז דער אני מאמין פון ביאת המשיח, דער אַני מאַמין פון ארץ ישראל געווען דער הויפּט, אויף איהם האַלטען זיך אַלע איבעריגע. ארץ ישראל איז געווען אונזער שוץ, אונזער פּאַנצער, האָט זיך ארויסגעוויזען שטאַרקער פון אַלע אינקוויזיציעס, פון אַלע שחיטות און הריגות. ווי א ליכטיגער שטערן האָט ארץ ישראל אונז באַלויכטען דעם פינסטערען דאָרענדיגען גלות וועג און אונזער מאַרטירערטום פון צוויי טויזענט יאָהר. זי האָט אונז געקרעפטיגט פאַר דעם עתיד, און א באַלזאַם איז זי געווען פאַר דעם פאַרוואונדעטען אידישען הארץ.

דער גלויבען אין „שיבת ציון״ איז געווען דער עיקר פון אונזערע תפלות, סליחות און פּיוטים. מיר האָבען ארץ ישראל געדענקט אויף אונזערע שמחות און טרויער, אין אונזערע שבתים און ימים טובים, ווייל מיר זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט דעם געפיהל אז אָהן ארץ ישראל איז ניטאָ קיין אינהאַלט אין אונזערע תפלות. איין אידעאַל, איין וואונש, איין האָפענונג און ווילען, איין שטרעבען — ארץ ישראל!

ווי א הייליגע צואה קלינגט פאַר אונז דער אָנזאָג אין דער אַלטער משנה: „המהלך בדרך ושונה ומפסיק ממשנתו ואומר מה נאה אילן זה מה נאה ניר זה מעלה עליו הכתוב כאלו הוא מתחייב בנפשו״ — ווען איינער געהט אין וועג און לערענט און אז ער רייסט איבער זיין לערנען און זאָגט, ווי שעהן איז דאָס פעלד, ווי שעהן דער בוים, איז גלייך ווי ער טוט זיך א מיתה אָן

מאַנכע האָבען געוואָלט דערפון לערנען, אז אונזערע חכמים האָבען ניט געהאַט קיין באַגריף פאַר שעהנקייט. דאָס איז א טעות! די חכמים, וועלכע זיינען געווען עסטעטען, און האָבען געפאָדערט

אז ווען א מענש האט געזעהן א שעהנעם גמל, א שעהנעם אייזעל דארף ער א ברכה מאכען — זיי האבען ניט געהאט קיינבאגריף פאר שעהנקייט ?!

עס איז גאנץ מעגליך, אז עס איז א צואה, א הייליגער אנזאג איז עס דא פארשריבען געווארען אין דער משנה. א צואה פאר דעם פאלק. די משנה זאגט: געדענקט, קינדער פון ישראל, אין וועלכער לאנד איהר וועט ניט לעבען, אונטער וועלכע באדינגונגען איהר וועט זיך ניט געפינען, מעג עס זיין די גינסטיגסטע, זאלט איהר אלע מאל וויסען, אז כל זמן איהר זייט ניט אויף די בערג פון יהודה, אויף דעם באדען פון דעם אבות־לאנד, זייט איהר אין דער פרעמד, זייט איהר „בדרך". און „המהלך בדרך", אז איהר זייט אין וועג האט איהר איין מיטעל ווי צו שיצען אייער אידישען לעבען — „ושונה": פארבאריקאדירען זיך אין אייער קולטור, אין אייער שפראך, אין אייער געשיכטע, „ושונה", דורכדרינגען זיך מיט די מחשבות און רעיונות פון אלע דורות, פארקניפען און פארבונדען זיך מיט דעם אלטען עבר, מיט די אידישע האפע־נונגען, בענקשאפט און גלויבען. ווען אבער „ומפסיק ממשנתו", ווען איהר האט איבערגעריסען אייער קולטור און צוגעבונדען זיך צו א פרעמד לאנד, צו א פרעמדען ארט לעבען, „מה נאה אילן זה, מה נאה ניר זה", הויבט מען אן באוואונדערען די שעהנקייט פון אנדערע לענדער, שטעלען זיך אונטער דער השפעה פון פרעמדע שפראכען, פרעמדע ליטעראטורען, פרעמדע קולטורען, פרעמד לעבען, פרעמדע זיטען, פרעמדע ימים טובים, פרעמדער גליק, פרעמדער צער.

און פארגעסען די אידישע געשיכטע, די אידישע שפראך, די אידישע תורה, די אידישע קולטור, און ווערען אפגעריסען פון אידישע מנהגים, זיטען, ימים טובים, — דאן איז „מעלה עליו הכתוב כאלו הוא מתחייב בנפשו" , האט ער א זעלבסטמארד באגאנגען, א קבר אויסגעגראבען פאר דעם פאלקס האפענונג און פאר דעם פאלקס־גלויבען.

„המהלך בדרך ומפסיק ממשנתו" — אויב א איד אין דער פרעמד האָט איבערגעריסען מיט זיינע גייסטיגע אוצרות, האָט ער אַלץ פאַרלאָרען! ווען א איד איז ניט אין זיין לאַנד, אין ארץ־ישראל, מוז ער זיך באַטראַכטען פאַר א „מהלך בדרך" — ער איז אין גלות, אין דער פרעמד. דער דאָזיגער באוואוסטזיין אליין איז דאָס בעסטע שוץ מיטעל געגען אונטערגאַנג, פארניכ־טונג, אָדער אויסמישונג וואס איז דאָס זעלבע.

און אזוי איז עס אויך געווען. זיינען מיר דורכגעגאַנגען אלע גלות'ן און אין אונז האָט געלעבט און געוואַקסען די האָפענונג און בענקעניש צו אונזער לאַנד, קיין רוה האָבען מיר ניט געפונען אין קיין לאַנד, אין קיין צייט. שטענדיג האָבען מיר באַקלאָגט און באַוויינט אונזער חורבן; ביי יעדער געלעגענהייט האָבען אונזערע אויגען ארויסגעקוקט אויף דער גאולה, מיט זעהנזוכט און בענקשאַפט.

פון צייט צו צייט האָט זיך ארויסגעריסען אונזער צער און טרויער, אַמאָל דורך משיחי השקר, וועלכע זיינען אויך געווען דער פּראָדוקט פון אונזער טרוים צו אונזער ריקקעהר, דער אויס־דרוק פון אונזער צער און שמערץ. אַמאָל דורך פּיאָנערען, וועלכע זיינען געגאַנגען קיין ארץ ישראל.

אין די אַלטע צייטען זיינען דאָס געווען פּיאָנערען פון תפלות, פון סגופים און תעניתים, אויף גלות השכינה, זיי זיינען געווען די פאַרקערפּערונג פון דער ברענענדער בקשה, פון דעם גליהענדען וואונש צו זעהן די קינדער פון ישראל אויסגעלייזט.

די פּייערדיגע תקופות זיינען געווען דער אריינפיהר צו דער צוגרייטונג, צו דער תקופה פון חבת ציון און „מדינת היהודים", וועלכע האָבען פאַרטיפט אונזער שטרעבען, פאַרשטאַרקט אונזער האָפנונג, און מחנות פון חלוצים דערצויגען, אידישע יונגע זיהן און טעכטער וועלכע האָבען מיט זייער בלוט און שוויים די ארץ ישראל פעלדער אויסגעשטיינערט, פאַראַקערט, פאַרפלאַנצט, און

קאָלאָניעס און שטעדט אויסגעבויט, די פאָן פון ציון הויך איבער זייערע קעפּ אויפגעהויבען און אויף די בערג פון יהודה פאַר־פלאַנצט און מיט הערליכע לידער זי באַזונגען.

אונזער דור האָט זוכה געווען. מיר האָבען דערלעבט די גרויסע שעה, דערלעבט דעם מאָמענט פון „ציון במשפט תפדה״, מיט רעכט און אנערקענונג פון אלע פעלקער!

# באַלפור דעקלאַראַציע

די באַלפור דעקלאַראַציע איז געווען און געבליבן די איינ־ציגע טרייסט פאַר דעם אידישען פאָלק נאָך די אַלע אומגליקען אין דער בלוטיגער מלחמה און נאָך איהר.

איך בעט אייך, פריינד מיינע, טראַכט זיך אריין אין יענע פינסטערע טעג.

וואָס איז מיט אונז געשעהן? דער בלוטיגער קריג, וועמעס שרעק איז אַזוי גרויס ווי זיין שאנד, האָט אריינגעשלעפּט דאָס אידישע פאָלק אין דער שלאַכט פון אַלע פראָנטען, פון אַלע קריג־פיהרענדע לענדער.

אַ מיליאָן מיט צוויי הונדערט טויזענט סאָלדאַטען, די בעסטע און שטאַרקסטע קינדער פון אונזער פאָלק, האָבען געקעמפּט ארום די פאָנען פון אַלע נאַציעס. זיי האָבען פארגאָסען זייער בלוט אויף אַלע שלאַכט־פעלדער, אויף די בערג פון די קאַרפּאַטען, אויף די פלאַכען פון שאַמפּאַן, אין די טאָלען פון גאַליפּאָלי, אַרום די ברעגען פון דונאַי און ווויקסעל און וואו ניט?

אידען האָבען איינער דעם אַנדערען געשאָכטען מיט באַיאָ־נעטען, און ביים „שמע ישראל" אויף די אויסגעקרימטע ליפּען דערקענט איינער דעם צווייטען, און אין ברענענדע יסורים אויס־געהויכט זייער לעצטען אָטעם.

בלוט־דורשטיגע הינט און ווילדע חיות האָבען זייערע קער־פּערס אויף שטיקער צוריסען, א סך פון די געפאַלענע זיינען אפילו צו קבר ישראל ניט געקומען. און קיינער ווייס ניט וואו זייערע ביינער זיינען אהינגעקומען.

און די פאָלגען פון דעם גרויסען אומגליק? עס זיינען געבלי־בען אין לעצטען סך־הכל: א פּאָר הונדערט טויזענט עגונות, פאַרוואָגעלטע, עלענדע נפשות וואס לעבען אין צער, ניט דער־ווארימט פון איין פונק האָפענונג.

ביז אכט הונדערט טויזענט יתומים. אומגליקליכע, פאַרלאָ־זענע, דערשלאָגענע קינדער פון וועלכע דער גרעסטער טייל איז ארוים לתרבות רעה, געווארען פיזישע און גייסטיגע קריפּעלס. א טייל פון זיי אין רוסלאַנד און אוקראַינע זיינען געוואָרען פשוט'ע פאַרברעכער און האָבען אָנגעפילט די טורמעס פון קרעמענטשוג, יעקאַטערינאָסלאוו, קיעוו אָדעס און אַז. וו.

ביז זיבען הונדערט טויזענט אלמנות, פאַרשלייערט אין איי־ביגען טרויער, דער פינסטערער שיקזאל לויערענדיג נאָך זיי אויף שריט און טריט.

ביז צוויי הונדערט טויזענט אינוואלידען, שברי כלים, מענשען אָהן פיס, אָהן הענט, ברוכווארג פאר דעם מיסט־הויפען.

ביז פופציג טויזענט האלבע און גאַנצע משוגעים, מענשען מיט צודרעהטע נערוועו; מענשען־שאָטענס וואָס ציטערען פאר יעדען שאָטען.

ביים ברעג פון די קליינע שטעדטלעך אין פוילען און גאליציע האָב איך פילע פון די אומגליקליכע געזעהן, אויף די בערגלאך און שטיינער זיינען זיי געזעסען, אפּגעריסענע, אפּגעשליסענע, באָר־וועסע, מיט צושווידערטע האָר, זיי האָבען א בלוט־פאַרגליווערטע ליד געזונגען:

גיט אונז אָפּ אונזערע קינדער, אונזער בלוט און פלייש!

גאַנצע שטעדט, זעקס הונדערט קהלות, זיינען פון דער ערד אָפּגעווישט, אָפּגעמעקט געוואָרען, און עס איז פון זיי קיין זכר ניט געבליבען.

איז נאָך ניט געווען געווען געווען דער אין בלוט אוקיאַנוס, וואָס די מלחמה האָט געשאַפען, און א פּאָגרום־כוואַליע האָט זיך צוגאָסען איבער אוקראַינע, גאַליציע, רומעניע. דער מלאך המות האָט געקאָסעט גרייז גראָהע און קליינע קינדער, כלות, חתנים. ווי וועלף אָפּגעריסענע פון קייט זיינען ארומגעלאָפען די פארשיידענע רויבער באַנדעס און חוליגאַנישע מיליטער איבער די אידישע געגענדען, און אָנגעפילט בערג מיט קדושים און טויטע קערפּערס אַלע גאַסען.

און מיט וואָס האָבען מיר זיך געטרייסט? און אויף וואָס האָבען מיר געוואַרט?

מיר האָבען זיך געזאָגט: ווען דער מלאך המות וועט זיין שווערד אין זיין שייד אריינשטעקען, און דער גרינער טיש וועט פארנעמען דעם פּלאַץ פון דעם בלוטיגען שלאַכטפעלד, דעמאָלט וועט די וועלט אויך אונזער פארגאָסען בלוט ניט פארגעסען, דאַן וועלען מיר באַקומען אַלס די ערשטע זאַך אין אַלע לענדער פּאָלי־טישע רעכט, בירגער רעכט, עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטליכע רעכט.

ווי דען אַנדערש? מיר האָבען אונזער האָב און גוטס, אונ־זערע קרבנות, בייגעשטייערט דאָך פאַר אַלעמענס פרייהייט, פאַר אַן אומאָפּהענגיגע פּוילען, פאַר אַ זעלבסטשטענדיגע סערביען, פאַר אַ פרייע טשעכאָסלאָוואַקיע, פאַר אַ גאַנצער איטאַליע. אפילו פאַר די אַרמענער אין ווייטען קאַווקאַז האָבען מיר אונזער חלק געגע־בען! איז דאָס מעגליך אַז מען זאָל אונז לאָזען בלייבען אין אונזער אַלטען טרויער און עלענד, אָהן שוץ און אָהן רעכט?

מיר האָבען געגלויבט, אַז די טויערען פון אַלע לענדער פון דער וועלט וועלען ווייט און ברייט אויפגעעפענט ווערען פאַר

אונז. פרייהייט פון עמיגראַציע וועט פּראָקלאַמירט ווערען פאַר אונז אין ענגלאַנד, אפריקא, קאַנאַדאַ און אַמעריקאַ. האָט זיך דאָך דאָס בלוט פון אונזערע קינדער געמישט מיט די בלוט פון זייערע קינדער, האָבען מיר דאָך מעהר ווי זיי געליטען פאַר זייער נצחון. מיט אונזערע קערפּער האָבען מיר זייער קאַמף־שליאַך געפלאַסטערט.

וועט מען אונז ניט לאָזען געפינען אַ שטיקעל ברויט פאַר אונזערע קליינע קינדער, שאַפען אַ דאַך איבער זייער קאָפּ? מיר, וועמעס שטעדט און שטעדטלעך זיינען אָפּגעמעקט געוואָרען, אין קברים און חורבות פאַרוואַנדעלט געוואָרען; מיר וואָס זיינען ארויסגעשטויסען געוואָרען פון אַלע צווייגען און געביטען, פון דעם עקאָנאָמישען לעבען, וואָס זיינען אין דעם אָפּגרונד פון אָרימקייט און עלענד אריינגעשליידערט געוואָרען, אין דער גאַנ־צער וועלט — איז עס דען מעגליך, אַז פאַר אונז וועט מען שליסען די טויערען?

מיר האָבען געגלויבט אַז אין די פאַראייניגטע שטאַטען, וואָס איז ארויס רעטען די וועלט פאַר דעמאָקראַטיע, וועלען אונזערע ברידער וואָס וואוינען דאָרט און העלפען פאַרגרעסערען זייער רייכטום און שפע, האָבען די מעגליכקייט אריינצונעמען אַלע זיי־ערע ברידער און שוועסטער, פריינד און קרובים, וואָס זיינען אנטלאָפען פון פייער, און זיי געבען די מעגליכקייט זאט אָפּצור־עסען. מיר האָבען געגלויבט, מיר האָבען געהאָפט, אַז אזוי וועט דער פעלקער־בונד אונזער גורל באַשליסען.

מיר האָבען געגלויבט אַז מיט די ברייטע רעכט אין גלות וועט גלייכצייטיג פּראָקלאַמירט ווערען אונזער רעכט די נאַציאָנאַ־לע היים אין אונזער הייליג לאַנד צו בויען, און מיר וועלען זי קענען בויען רוהיג מיט אַ נחת רוח. לכל הפחות וועלען מיר באַ־קומען דאָס פאַר אונזער פאַרגאָסען בלוט; פאַר אונזערע טאַפּ־

פערע העלדען וואָס זיינען געפאַלען אויף אַלע פראָנטען, פאַר אַלע פעלקער, פאַר אַלעמענס גליק און פרייהייט.

אָבער וואָסער א וויסטע ענטוישונג! וואָסער א שווארצער סוף?!

פּאָליטישע רעכט? בירגער רעכט? עס איז אַלץ געבליבען ביים אַלטען, אַלץ האָט זיך געביטען, נאָר ניט די אידישע לאגע. עס איז די זעלבע מיט בלוט דורכגעווייקטע רשימה.

די רומענער, וואס אין אַלע דייטשע אָנגריפען, און באזונדערס אין „מאַקענזאָנס" צוג, האָבען זיך באנוצט מיט אידען פאר די פאָדערשטע פּאָזיציעס, פון וועלכע קיין איין אידישער זוהן איז צוריק לעבעדיג ניט געקומען. צעהנדליגער טויזענדער אונזערע קינדער זיינען דאָרט באגראָבען, — די דאָזיגע רומענער, נאָך זייער נצחון, פאלען דאָך אָן אויף אונזערע כלות ווען זיי שטייען אונטער דער חופּה, זיי שענדען אידישע טעכטער, און מאַכען צום צייט־פאַרטרייב פּאָגראָמען אין פארשידענע שטעדט. זיי האָבען איצט צוגעטראכט א נייעם טייוועלשען פּלאַן צום אונטערהאַלט — זיי ווארפען ארויס אידישע פּאסאזשירען פון לויפענדע וואגאָנען, פיהרען איין נומערוס קלאַוזוס און באליידיגען אונזערע פליסיגע שילער. און דאָס אַלעס ווערט געטאָן אָפען פאר דער גאנצער וועלט, און דאָס איז אונזער לוין פאר אונזער בלוט, דאָס זיינען אונזערע בירגער רעכט, אונזערע פּאָליטישע רעכט.

אין פּוילען האָבען מיר אַלע רעכט אויף דעם פּאַפּיר, און זעהר ווייניג אין לעבען. שטעהען אויך דאָרט אונזערע בעסטע קינדער אין סיים די לעצטע אכט יאהר און קעמפען אזוי ביטער, אזוי שווער, מיט אנגסט און פארדרוס, כדי אמווייניגסטענס אפּצושאפען די אַלע פינסטערע צארישע גזרות, און אויך דאָס אונמעגליך צו באקומען.

אין ליטא?

אונזערע ראזענבוימס האבען די קאנסטיטוציע געשריבען און נאכהער ביים פעלקער בונד זי פארטיידיגט אום ליטא זעלבסט־שטענדיג צו מאכען. און וואס איז די באלוינונג? דערפאר ווע־רען מיר דארט צוטראטען, דערדריקט פון די פויערישע שטיוועל. אין אונזער יוגענד צולויפט זיך פון דארטען וואוהין די אויגען טראגען זיי...

דער זעלבער שיקזאל אומעדום אין גאנץ מזרח אייראפא, און אין רוסלאנד? דארט איז דערשטיקט די אידישע שטים, אפילו קיין פראטעסט קאנט איהר פון דארט ניט הערען.

אונזער רייכטום איז צוגענומען געווארען, פארארעמט איז געווארען דאס גאנצע פאלק. אמת, אין נאמען פון א אידעע. אין פלוג האט מען אויך ביי די רייכע ניט־אידען זייער פאר־מעגען צוגענומען.

אבער וואס פאר אן אונטערשיד! ביי זיי האט מען פון די רייכע צוגענומען און צו די ארימע אפגעגעבען, ביי די רייכע אידען, האט מען אלעס צוגענומען און די ארימע אידען גאר ניט געגעבען... מען האט אידיש האב און גוטס צווישען די ניט־אידישע ארבייטער פארטיילט. און אין ארמוט און עלענד דאס גאנצע אידישע פאלק איבערגעלאזען.

אבער נאך ערגער און שרעקליכער איז זייער גייסטיגע גסיסה. עס שטארבט דארט פאר אונזערע אויגען אוים דאס אידישע פאלק. די אידישע נשמה און דאס ליכט פון אידענטום ווערען אויסגע־לאשען, אלץ אידישעס ווערט דארט מיט דעם שורש אויסגעריסען. עס ווערען פארטיליגט, אפגעווישט אונזערע זכרונות, אונזערע מנהגים, אונזערע שבתים, אונזערע ימים טובים, אונזער תורה אונזער שפראך, און מיט זיי צוזאמען אונזערע האפנונגען.

אונזערע ציון קעמפער ווערען דארט פארשיקט ווי פאר־

ברעכער אין ווייטען סיביר, אונזערע שוהלען — געשלאָסען, אונ־זערע לעהרער פארטריבען.

אָט דאָס איז אונזער שכר, וואס מיר האָבען באקומען פאר אונזערע אלע קרבנות נאָך דעם בלוטיגען, גרויזאמען קריג.

און עס בלאָנדזען ארום צעהנדליגער טויזענדער אידישע וואנדערער, אלטע נע ונד'ניקעס מיט שטעקען און טאָרבע אי־בער דער וועלט. אלע פּאָרטען און גרענעצען זיינען געפּאקט מיט אידישע עמיגראנטען ייעלכע ווערען געטריבען ווי משוגענע הינט פון איין אָרט צו דעם צווייטען, פון איין לאנד אין דער צווייטער. עס איז גענוג צו דערמאָנען, אז בלויז דורך איין „פיר־זאָרגע אמט" אין בערלין זיינען דעם פאָריגען יאהר דורכגעגאנגען פיר־און־צוואנציג טויזענד עמיגראנטען.

פון זיי א צוויי טויזענד קליינע קינדער, און א צוויי טויזענד פרויען, און א פיר טויזענד „ווילדע עמיגראנטען". וואסער א גרויזאמע באצייכענונג פאר מענשען — „ווילדע עמיגראנטען", וויל־

דע חיות, ווילדע הינט, און ווילדע עמיגראנטען. אונזערע ברידער און שוועסטער, קינדער פון אן אלטער, עדעלער ראסע, זיי זיינען ווילדע מענשען, מחמת צו וועלכער גרעניץ מען שיקט זיי אפּ, לאָזט מען זיי ניט אריבער, זיי האָבען ניט קיין פּעסער, דארום האָבען זיי ניט קיין פאטערלאנד. דאָס שטיקעל פּאפּיר איז דער עיקר, ניט דאָס מענשליכע לעבען.

עמיצער איז זיכער ווילד אבער ניט די ארימע מענשען. משוגע, ווילד זיינען די פעלקער וועלכע לאזען ניט אריין זייערע אייגענע בירגער, פאר לאָרענע אומגליקליכע פארטריבענע מענ־שען קומען זוכען אפּרוה אין זייערע געבורטס לענדער. מען טרייבט זיי צוריק. די דאָזיגע אומגליקליכע וועמעס עלטערען, מענער, שוועסטער אדער ברידער זיינען ערמאָרדעט געווארען, אדער געפאלען אויף דעם שלאכט פעלד, זיי לאָזט מען קיין מנוחה ניט האָבען, און זיי רופט מען דאָס די „ווילדע עמיגראנ־

טען!" גאָט אין הימעל, זעה דאָך צו אונזער חרפּה, אונזער צער!

עס זיינען דאָ די פאראייניגטע שטאַטען, דאָס גרויסע ברייטע, פרייע גליקליכע לאנד אמעריקא, וועלכע פארמאַגט פילע פרייע שטרעקען אין מערב, ווי אין מזרח, וואו מיליאָנען מענשען וואלטען זייער גליק געקאָנט געפינען.

אמעריקא, וואו מיר האָבען פיר מיליאָן פון אונזערע ברידער, וועלכע האָבען מיט זייער פעהיגקייט און ענערגיע אריינגעדרונגען אין פארשידענע געביטען פון לעבען, וועלכע האָבען געבויט שטעט, און שטעטלאך, פריינד מיינע, איך בעט אייך, באטראכט נאָר.

אידען האָבען געבויט גאנצע געגענדען ארום ניו יארק, אי־מערגעבויט די בראָנקס, געשאפען נייע קווארטאלען אין ברוקלין, אויפגעבויט נייע זומער פלעצער, אומעטום האָט געווירקט זייער פלייסיגע געבענשטע האנד, אומעטום געבויט פאלאצען, האָטעלען, בענק און ריזען געשעפטען. וואס עס איז געשעהן אין ניו יארק איז אויך געשעהן אין שיקאגאָ, פילאדעלפיע, באסטאן, באלטימאָר און אנדערע שטעדט. פרעג איך, פאר וואס ברענגט איהר ניט אריבער אין די שטעדט וואס איהר האָט געבויט אויך אייערע אומגליקליכע, דערשלאָגענע ברידער און שוועסטער, עלטערען און קינדער פון יענער זייט ים?

זאָגט, איך בעט אייך, פאר וואס זעהט איהר ניט ווי זייער עהרע ווערט מיט שמוציגע פיס צוטראָטען און זייער לעבען אויף שטיקער צובראכען? ווארום ברענגט איהר זיי ניט אהער צו אייך, פאר וואָס ניט?

איהר קענט ניט?

מען האָט אויפגעהאנגען שלעסער אויף די טויערען, און צו־גענומען דעם שליסעל, און אייערע ברידער זיינען געבליבען איינ־געקלאָמערט אין זייער עלענד און פיין, אָהן ליכט און אָהן האָפ־

נונג, איין טאָג פינסטערער ווי דער אנדערער, איינער ערגער פאר דעם צווייטען.

עס איז פאר אונזער צער ניטאָ קיין טראָפּען טרייסט, ניטאָ קיין שום היילונג פאר אונזערע וואונדען.

נאָר דא איז אויפגעגאנגען א שטראַל אויף אונזער פינסטע־רען הימעל, וואס שטארקט און מוטיגט אונז, און גיט אונז כח די באליידיגונגען איבערצוטראגען, אונזער לעבען באנייען. —
דאָס איז די באַלפור דעקלאראציע, וועלכע האָט פּראָקלאמירט פאר דער גאנצער וועלט אונזער רעכט צו בויען אונזער נאציאָנאלע היים אין ארץ ישראל. עס איז אונזער מאגנא כארטא, עס איז דערזעלבער אויסרוף ווי אין די צייטען פון כרש מלך בבל.

„מי בכם מכל עמו יהי אלהיו עמו ויעל".

„ביי וועמען עס לעבט זיין גאָט אין זיין הארצען, זאָל ער געהן בויען זיין לאנד".

דאָס איז דער רוף וועלכער פּאָטענציעל קען געבען אן ענט־פער אויף אונזער פארשאָלטענער פראגע. ער קען אונז צוריק־געבען אונזער פארלאָרענעם כבוד. עס איז די אתחלתא דגאולה. די טריט פון דעם מבשר אויף די שפּיצען פון די בערג.

פון אונז זעלבסט איז איצט אָפּהענגיג דעם שטראַהל אין א זון צו פארוואנדלען, צו אויפדעקען דעם אור הגנוז.
אין אונזערע הענד איז אונזער גאולה.

מיר דארפען טאָן אונזערס, און גאָט וועט טאָן זיינס, ווי ער האָט פארשפּראכען:

ושב ה' אלהיך את שבותך ורחמך ושב וקבצך מכל העמים אשר הפיצך ה' אלהיך שמה, אם יהיה נדחך בקצה השמים משם יקבצך ה' אלהיך, ומשם יקחך.

והביאך ה' אלהיך אל הארץ, אשר ירשו אבותיך, וירשתה והטיבך והרבך מאבותיך. (דברים ל"ג, ב').

# קענט איהר דאָס לאַנד ?

הידעתם את הארץ ? קענט איהר דאָס לאַנד פון אונזערע אָבות ?

ארץ ישראל — דאָס איז דאָס לאַנד פון ליכט און פרייהייט, דאָס לאַנד פון אייביגען געזאַנג, דאָס לאַנד פון וועלכען גאָט'ס אויג האָט זיך קיינמאָל ניט אָפּגעטאָן : עיני ה' אלהיך בה מראשית השנה ועד אחרית שנה", דאָס לאַנד פון פרייד און שעהנ־קייט : „יפה נוף משוש כל הארץ", ווילט איהר האָבען א ריכ־טיגען באַגריף פון די פילע מעלות מיט וועלכע דאָס לאַנד ציי־כענט זיך אויס, פון זיין שעהנער גאָט־געבענשטער נאַטור, — לאָמיר אויף א ווײַלע מאַכען א שפּאַציר אין אנדערע שעהנע פּלעצער אין איירופּא.

קענט איהר דאוואס אין דער שווייץ ? האָט איהר באזוכט שווארצוואלד אין דייטשלאַנד ?

דאָס זיינען קורערטער פון העכסטער שעהנהייט. זומער־איין, זומער־אויס ציהען אהין טויזענדער באזוכער, טוריסטען, געסט, פיל פון זיי צוגעפינען ערהאָלונג פאר זייערע קראַנקע לונגען, אַנדערע — סתם צוליב פאַרגעניגען. יעדער ווינקעל דאָרט באַ־צויבערט דאָס אויג. א געמיש פון שעהנער נאַטור־און מענשליכער קונסט.

ווייסט איהר אָבער, אַז אין גליל העליון, אין צפון פון ארץ ישראל, האָבען מיר אן עהנליכען פּלאַץ מיט דעם נאָמען „הרי כנען"? נאָר די הרי כנען האָבען אויך אַ רייכע געשיכטע. אמאָל האָט דאָרט דער שבט נפתלי געלעבט, די בערג קענען אונז פיל דערצעהלען פון אידישער גרויסקייט, אָבער היינט זיינען זיי וויסט. און דאָך זיינען זיי אויך איצט שעהנער און פּרעכטיגער ווי דאַ־וואָס און שווארצוואלד.

מיט אכט יאָהר צוריק איז דאָס געווען. ווען איך בין גע־קומען דאָס ערשטע מאָל קיין צפת, בין ארויף אויף דער אלטער פעסטונג, (מען ווייסט נאָך איצט ניט גענוי ווען, און ווער עס האָט זי געבויט). איך האָב אַ בליק געטאָן אויף דער לאַנד־שאַפט, און בין געוואָרען פאַר'כישופ'ט. מיינע אויגען האָבען געזעהן ווייט־ווייט, און אַלץ ארום איז געוואָרען אזוי נאָהענט, כאָטש שטרעק אויס די האנד און נעם דאָס אָן. בלענדענדע ליכטיגקייט, קלאָהרע דורכזיכטיגע לופט, וועלכע גיסט זיך שטראָ־מענווייז אריין אין מיין ברוסט, וואס אָטעמט אַזוי לייכט, אזוי לייכט... איך אליין בין אויך עפּעס אזוי לייכט געוואָרען. עס זיינען מיר ווי פליגעל אויסגעוואקסען. אָט הויב איך זיך אויף און פליה אַוועק וואוהין די אויגען וועלען טראָגען: עס איז אזוי שעהן ארום, פּלאַי פּלאַים. אָט איז דער ים כנרת, ער איז דאָ אונטער'ן בארג, קאָנסט, דוכט זיך, מיט איין שפּרונג אריינ־שפּרינגען. עס איז אבער אַ טעות. עס איז ניט אזוי נאָהענט, ווי עס שיינט. אַ דריי־און־צוואנציג קילאָמעטער ווייט.

אָט איז דאָך „טבריה" אָט זיינען דאָך די דעבער פון דער אלטער שטאָדט. אביסעל רעכטס, העכער, איז די קאָלאָניע יבניאל! כאָטש נעם שפּאַציר אהין אריין. אין אמת'ן — אַ שטח פון מעהר ווי פערציג קילאָמעטער ווייט.

אביסעל ווייטער, דער „כרמל", און דער „תבור", אַלץ אזוי דייטליך, אזוי בולט. ניט נויטיג קיין פאַרגרעסער־גלאָז. דאָס

נאקעמטע אויג זעהט אַלץ קלאָר. עס איז דאָס לאַנד פון זע־הונג...

אָט איז, לינקס צו צפון, „קדש נפתלי", און אהין, ווייטער, איז „אבל בית מעכה", א זעכציג קילאָמעטער, און אנטקעגען, דער „חרמון" מיט זיין גרייז־ווייסען קאָפּ, אייביג מיט שניי באַ־דעקט, און קוקט אוים ווי א כהן גדול.

דאָס דאָזיגע פּלאַץ איז באשטעטיגט דורך ערצטע פאר דאָס בעסטע קור־אָרט פאר שווינדזיכטיגע, בלוט־אָרעמע, פאר אַלע וועלכע ליידען פון רעמאַטיזם און עהנליכע קראַנקהייטען. עס קען קאָנקורירען מיט דאוואָס.

אין דער צייט ווען איך בין געווען אין צפת איז סער הער־בערט סעמיועל, דער ערשטער נ צ י ב א י ן י ה ו ד ה, גע־קומען אהין אויף א זעקס וואָכיגען אפּרוה. אויף דעם באַנקעט וואס די שטאָדט האָט פאר זיין אָפּרייזע איהם געמאַכט, אויף דעם פעלד צווישען די בערג, האָט ער פאָלגענדעס געזאָגט:

„ווען איך הויב אויף מיינע אויגען און זעה פאר זיך די בערג און טאָלען, וועלכע רינגלען אונז ארום, שטעל איך מיר פאָר, ווי שעהן און הערליך זיי האָבען אויסגעזעהן מיט צוויי טויזענד יאהר צוריק, ווען דאָס פאָלק האָט דאָ געלעבט, און אַלעס איז געווען פארבויט און פארפלאַנצט. אויב היינט, ביי דער פארוואָרלאָזיגקייט און וויסטעניש, זיינען זיי אזוי שעהן און פראַכטפול ווי דאוואס מיט שווארצוואלד צוזאמען".

סער הערבערט סעמועל האָט ריכטיג געזאָגט, אָבער וואס פאר א גרויסער אונטערשיד!

דאוואס און שווארצוואלד זיינען פארפלאַנצט מיט פּאַלאַ־צען און מיט האָטעלען פארבויט. אַלעס שפּראָצט מיט לעבען און בליהט מיט גליק. די קינסטלערהאנד פון מענשען האָט אויסגע־צירט יעדען ווינקעל, די „הרי כנען" אבער זיינען נאָך דערווייל

וויסט און לעחר; אַ ווילדע שעהנקייט! דערנער האָבען פאַר זיך פרייען שפּיל, שטיינער באַדעקען דאָס. וואַרטען נאָך די בערג אויף די קינדער פון ישראל.

נעבען וויען איז פאַראַן אַ פּלאַץ מיט דעם נאָמען „סעמע־רינג", וואָס פאַר דעם קריג איז דאָס געווען דער צירונג פון עסטרייך־אונגאַרן. אונגאַרישע גראַפען האָבען דאָרט זייערע זו־מער וואוינונגען געבויט. עס איז איצט ניט מעהר וואָס עס איז געווען. אָבער עס איז נאָך אויך איצט עסטרייך'ס שענסטער ווינקעל. עס קומען אַהין יעדען זומער טויזענדער מענשען צו ער־האָלונג. הויכע בערג און טיפע טאָלען, ניט מעהר, אָבער יעדער ווינקעל איז דאָרט בעאַרבייט, גוטע שאָסעען אויסגעלייגט צווישען אַלע בערג און טאָלען, אַ באַהן־נעץ פאַרשפּרייט און פאַרצווייגט, און אומעטום הייזער, פּאַלאַצען; אַרום די בערג, ביי די בערג, אין מיטען די בערג און אין דער הויך אויף די בערג, און אונטען אין די טאָלען, פּאַלאַצען און פּאַלאַצען.

פאַהרסטו דאָרט דורך ביינאַכט, ווערסטו פאַרטרונקען אין אַ ים פון עלעקטרישע ליכט, וואָס צוגיסט זיך איבער דעם גאַנצען שטח. אַ שטראָם פון גליקליך געלעכטער, באַגלייט פון מוזיק־טענער, פאַרפּלייצט דיך אויף דעם גאַנצען וועג. בייטאָג, קען דיין אויג זיך ניט אָנזעטיגען מיט די פילע מינים פּלאַנצונגען, פיל־פאַרביגע בלומען מיט די שטאָלצע און פרייע בנינים.

דאָס איז סעמערינג — אַ קור־אָרט פאַר הונדערטע טוי־זענטער, אַן אָפּרוה און ערהאָלונג פּלאַץ פאַר מידע און אויך פאַר גליקליכע.

ביי אונז אין גליל העליון, ניט ווייט פון צפת, איז דאָ אַן אָרט מיט דעם נאָמען „הרי עצמון" — די אַראַבער רופען איהם דער „דזערמאַק". דאָס איז דער העכסטער פּונקט אין מערב ארץ־ישראל, אַנב עלף הונדערט און ניינציג מעטער איבער'ן ים.

א גאַנצע רייהע בערג ציהען זיך און זעהען אוים ווי א גרויסער גמל.

איך דערמאָן זיך, מיט א זיבען יאהר צוריק איז דאָס געווען. איך מיט א פּאָר הונדערט שילער, אין דער באַגלייטונג פון מיינע לעהרער פון דער צפ״ת׳ער שוהלע, בין אויף דעם עצמון ארויף, האלב נאָך צוויי ביי נאַכט. וואס קאָנט איהר אין דער מיט נאכט זעהן אין וועלכען עס איז אנדער לאַנד, אויף זיינע בערג? ארומ־גערינגעלט פון די שאָטענס וואס ליגען אין די טאָלען? וועלכער מענש קאָן דאָרט אין די לעצטע נאכט שטונדען ארומקלעטערען?

אין ארץ ישראל אָבער איז דאָס מעגליך. ווען איך בין אויף דעם עצמון ארויף האָב איך אין דעם פריה־מאָרגען וואונדער גע־זעהן, ניט נאָר די אויגען האָבען געזעהן. עס איז געווען געזעהן מיט אַלע חושים...

אנגענעהם פריש און דופטיג איז געווען די לופט. א חשק האָט מיך אָנגעכאַפּט פאַלען צו דער ערד, קושען די שטיינער, די דערנער. די מאָרגענשטראהלען מישען זיך אוים מיט דעם בלוי וואסער פון ים — צוויי ימים, ליכט אויבען, ליכט אונטען, שטראָ־מען ליכט... איך בין א קינד געוואָרען. איך לויף נאָך די פייגעלאך. די פליגעלעך, זיי לויפען —— איך לויף; זיי שפּרינגען! איך שפּרינג. איך טאַנץ, איך ווער גאָר ניט מיד. אָבער איך בין פאַר׳שיכור׳ט פון דער לופט. איך פיהל זיך פריש, כאָטש איך בין די נאכט ניט געשלאָפען. אלע גלידער זיינען אנגעפילט מיט נייעם לעבען. א נייער מענש, ניי געבוירען. וואָס ווייטער? אָבער שאַ... של נעלך... פאַר אייערע אויגען א פּאַנאָראַמע פון גאָט׳ס וואונדער. זיין ליבען נאָמען׳ס אויפטו. מעשי ידיו, כביכל, להתפאר.

געגען אייך, צו מערב זייט, דער „ים התיכון”. ער איז ניט ווייט, און ניט אונטען. ער איז דאָ כמעט אויף דעם בארג, פון איין ברעג ביז דעם צווייטען. מיט אַלע זיינע שיפען און

שיפעלעך. לינקס, צו דרום, דער „כרמל“, דערמאָנט אייך מיט זיין שטאָלץ און גבורה אָן אַ לייב, אַ ריזיגען לייב.

אָט איז חיפה, דער הדר הכרמל, אָט שווימט ארויס פון דעם וואסער־שוים בת גלים. רעכטס, צו צפון, איז צור וצדון. שעהנ־קייט אויף שעהנקייט. עס איז אָנגעהויפט שפע׳דיג, מיט פרייער האנד. צו מזרח איז דער חרמון. ער בלענדעט מיט זיין זיל־בער. געגען איהם, דער לבנון, א ווירדיגער קאָנקורענט. אָט איז דער חורן, דער גולן און דער הבשן. אָבער איהר זייט נים פארטיג. ווייטער, צו רעכטס, איז דער עמק ישראל, מיט די אלע בערג ארום איהם. דו זעהסט אפילו די קאָלאָניען תל־חי, כפר גלעדי צו צפון. זיי זיינען זעהר ווייט, א שטרעקע פון קרוב הונדערט קילאָמעטער. אָבער עס זעהט זיי דאָס אויג קלאָר. עס איז גאָר קיין מחיצה ניטאָ, קיין שטערונג. עס איז דאָס לאנד פון די נביאים. דאָ האָבען געלעבט מענשען וואס האָבען געקענט זעהען קלאָר און ווייט, ווייט...

ווען דו הויבסט זיך אָן ארומצוקוקען ארום דיר אויף דעם בארג, און אויף דעם שפּיץ פון דעם עצמון, געפינסטו אויסער די צוויי וואונדער טיפע ברינימער — קיינער האָט נאָך ניט אויסגעפאָרשט ווי טיף זיי זיינען און געגוי דורך וועלכע סבות זיי זיינען געשאפען. גאנצע פיר סעקונדען דויערט ביז איהר דערהערט דעם קלאפּ פון א שטיין, וועלכען איהר ווארפט צו זייער גרונד ארונטער. אויך אַנדערע קוואלען מיט אייז קאַלטע וואסער, וואָס ווירקט אזוי דערפרישענדיג אויף דעם גייסט און קערפער. דאָס איז דער עצמון, און ער איז באדעקט מיט דערנער, ווילדע גראָז, און שטיינער. אָן אראָבער האָט דאָס פּלאץ א צייט פאר דעם קריג אָפּגעקויפט, ווי צפת׳ער אידען גיבען איבער, פאר הונ־דערט פערציג פונט, און ער ליגט דאָרט אין זיין חורבה, היטענדיג די חרוב־געווארענע שעהנקייט. עס ווארט נאָך דער באַרג אויף אידישע מסירת נפש, אויף די קינדער פון ישראל, צו פאר־

וואנדלען איהם אין אַ פּראַכט קור־אָרט, צו מאַכען איהם פאַר אונזער „סעמערינג".

מיינע טייערע, איהר ווייסט אפשר אז אין אָבער־איטאַליען איז דאָ אַ פּלאַץ מיט דעם נאָמען „ליגוריה". די הויפּט שטאָדט פון ליגוריה איז „גענוא", איינע פון די וואונדער־שטעדט אין אי־טאַליען, אָבער אויף דער גאַנצער באַהן־שטרעקע פון „ליגוריה" זיינען אויסגעבויט הונדערטער דערפער מיט פּאַלאַצלעך. קיין קינסטלער פאַרפעלט דאָרט זיין פּענזעל צו באַנוצען. קיין טור־ריסט פון איירָאָפּאַ געהט ניט פאַרביי דאָס ניט צו באַזוכען, דאָרט אַביסעל צו פאַרברענגען און אין די הערליכקייטען פון דער שיינער נאַטור אריינצוקוקען. אַ רייהע בערג ציהען זיך איינגעשלאָסען איינער אין דעם צווייטען, באַהעפט איינער מיט דעם אנדערען, און אונטער זיי לויפט דער ים, דער מיטעל־מער מיט זיינע הימעל־בלויע כוואַליעס.

און וואָס האָבען דאָרט די איטאַליענער ניט געמאַכט? אַלערליי פּארוויילונגען, אַלערליי קונסט און פּראַכט־פּלעצער, אָהן אַ צאָל פּאַלאַצען אין געדיכטע וועלדער באַהאַלטען. דאָס איז „ליגוריה", וועלכע ברענגט צוזאַמען יעדען זומער הונדערטער טויזענטער טוריסטען.

און ביי אונז אין אונזער הייליג לאַנד? אונזער ליגוריה! מיין גאָט, דער וואונדער „כרמל", מיט זיין שעהנעם, שטאָלצען קאָפּ, וועמען דער ים התיכון רינגעלט אַרום כמעט פון אַלע זיי־טען, וועלכער איז אין פילע ערטער פיל הערליכער פון ליגוריה, און דאביי איז עס דאָך דער כרמל, וועלכער רעדט צו דיין האַרצען אזויפיל, ווי צו דעם האַרץ פון יעדען קולטור מענש. דאָס איז דער פּלאַץ וואו אליהו האָט געקעמפט מיט די נביאי הבעל. דער ערשטער גרויסער קולטור־קאַמף, וואס איז אין אַלטע ספרים פאַרצייכענט. ליכט געגען פינסטערניש. אויף דעם באַרג האָט עס געדונערט די נביאים'ס שטים מיט דער בשורה: ה' הוא

האלהים, ה׳ הוא האלהים! דוכט זיך, עס ווידערקול׳ט נאָך יענע שטים. אויף דאָזיגען כרמל לויפען נאָך ארום שאָקאַלען וואָס באַוויינען אין כאַר זייגע חורבות...

יע, די פראַנצויזען און איטאַליענער האָבען דעם כרמל ניט פאַרגעסען און האָבען דאָרט אויסגעבויט אַ קלויסטער. קאַלט ווערט דיר אין דיינע ביינער, ווען דו קומסט אהין אריין און קוקסט צו, ווי ז י י האָבען דאָס פאַרשטאַנען די אַלע מאָ־מענטען פון אליהו הנביא אויסצומאָלען אין בילדער אויף די ווענד, און צו פאַרקערפּערען איהם אין פאַרשיידענע סטאַטועז, אַ גלח מיט ברייטע אַרבעל מיט אַ תנ״ך אין האנד, דרעהט זיך אַרום און ווייזט דיר אַלע בילדער און ערקלערט דיר ווער דער מענשליכער ריז אליהו איז געווען.

דער כרמל מיט זיין גאַנצער גרויס, וואַרט נאָך ווי אַן עלענדער יתום אויף רחמים, מען זאָל איהם פאַרפלאַנצען און פאַרבויען כדי ער זאָל צוריק ווערען דער צירונג און דער שפּי־געל פון לאַנד — די ליגוריה פון ארץ ישראל.

ערלויבט מיר, מיינע פריינד, נאָך אייניגע ביישפּילען פאַר אייך צו ברענגען

איהר ווייסט אַלע די קליינע אַלפּען אין איטאַליען. טויזענ־דער טוריסטען טרעפט איהר דאָרט קלעטערענדיג, די שפּיץ פינגער, ביי מאַנכע צובלוטיגט, אָנהאַלטענדיג זיך אָן די שפּי־צען פון די פעלזען. איטאַליענער קאָנט איהר דאָרט טרעפען אין די טויזענדער. סטודענטען מיט שיהלער און לעהרער, וועלכע קושען די שטיינער און פעלזען און באַזינגען זייער שעהנ־קייט. און ווען איהר קומט קיין יהודה, און פאַר אייערע אויגען ענטפּלעקען זיך די בערג פון יהודה, אויף וועלכע עס איז אויסגעגאָסען דאָס געטליכע ליכט.

די בערג פון יהודה! קענט איהר דאָך אויף זיי נאָך דערקענען די טריט פון די נביאים, וואו יעדער באַרג איז אַ

צוואָה, יעדער טאָל אַן ערינערונג, יעדער שטיין אַ מזבח, יעדער מצבה אַ דענקמאָל, יעדער חורבה אַ ספּור־המעשה פון יענער גבורה פון אמאָל, אושפּיזין... שאול, דוד, שלמה, — די דריי וואָס האָבען אונזער קעניגרייך געגרינדעט. דאָ איז אויך געווען שמואל, דער ערשטער פון די נביאים, וואָס האָט אויפגעשטעלט דורות נביאים.

די זעלבע בערג האָבען אויך צוגעזעהן דעם העלדענמוט פון די מכבייער, פון די קנאים און בר כוכבה׳ס, אויף זיי האָט זיך געגאָסען שטראָמענווייס דאָס בלוט פון אונזערע גבורים און קדושים, וועלכע האָבען געקעמפט ביז דעם לעצטען אטעמצוג פון זייער לעבען פאר דער פרייהייט פון זייער פאלק.

די דאָזיגע בערג ווערען יעצט באזוכט פון טויזענטער גלחים, טוריסטען, זיהן פון אלע פעלקער, טעכטער פון אלע נאַציעס, איבערהויפּט אנגלאָ־זאקסען, מיט אַ תנך׳ל אין דער רעכטער האנד און אַ פאָטאָגראף אפּאראט אין דער לינקער, ניט אויסלאָזענדיג קיין ווינקעל, פארברענגענדיג שטונדען לאנג באַוואונדערענדיג יעדען שטיינדעל.

אזוי האנדלען זיי, און מיר? מיר לאָזען די בערג אין זייער נאקעטקייט און פרעגען נאָך: וואָס קאָן מען דאָ מאַכען פון די ריזען שטיינער? וואס קאָן מען טאָן אין אַ לאנד אָהן רעגען?

אונפארצייליכע פראגעס! נאָך ר׳ יהודה הלוי האָט אָנגעוויזען אויף דעם פאקט, אז כאָטש אלע פעלקער פון דער וועלט האָבען אין ארץ ישראל זיך געוואָלט באזעצען, אָנהויבענדיג פון די פּאָר אלטע פעלקער ביז די גריכען, די רוימער, און אַנדערע פעלקער, ביז די מאנגאָלען, אראבער, — איז ארץ ישראל דאָך געבליבען וויסט, ווי זי וואָלט זיך אָפּזאגען געבען איהר פרוכט צו פרעמדע. און דאָס איז געווען אונזער גליק. ארץ ישראל איז געבליבען ווארטען אויף אונז, איהרע קינדער. פון

דעם טאָג אָן וואס איהרע קינדער זיינען פארטריבען אין גלות, קאָן קיינער זי ניט טרייסטען, און קיין זאך קען זי ניט דער־פרעהען.

ארץ ישראל איז א טרייע מוטער. האָט זי איהרע קינדער פארלאָרען, האָט זי איהר פרייד פארלאָרען, איז זי געזעסען איינגעהילט אין טרויער, פארוועלקט און צובראָכען. זאָל דער מדבר פוןביידע זייטען איינשלינגען דעם פרוכטבארען באָדען! זאָל דער ים באדעקען מיט זאמד מיילען שטרעקען, זאָלען די קוואלען פארוואנדלען דאָס לאנד אין זומפען, זאָל מאלאריע הערשען, זאָל די וויסטעניי איבער דעם גאנצען לאנד רעגירען, ווי דער רבינו־בחיי זאָגט: „וזהו סימן גדול לישראל שמיום שגלו ממנה לא נתישבה שום אומה כלל, אבל היא חרבה ושוממה עד שיבואו אפרוחיה לתוכה". (רבינו־בחיי פ', לך לך, י"ז פח.) און אויך דער זעלבער געדאנקען אין אן אנדער אָרט! „ארץ ישראל של נו היא ואינה מקבלת ישוב רק לישראל כאשר גלו ישראל ממנה אעפ"י שיושבים עליה שאר האומות היא מדבר".

זי ווארט אויף איהרע קינדער, זאָלען זיי נאָר צוריק קומען, און עס וועט נעמען שפּראָצען און וואקסען אפילו צווישען די פעלזען, אויף דעם זאמד, אויף די וויסטע בערג און טאָלען. איהר גלויבט ניט? קומט און זעהט. מיר האָבען פאר אייך מוסטערען. אויף די זאמדען ימים, זיינען אויסגעוואָקסען גרינע אינזלען, אויף די מדבריות אונזערע אַלטע און נייע ישובים.

שטיינער? זאָגט איהר, דאָס זיינען ניט קיין איינפאכע שטיינער, די שומרים פון אונזער לאנד זיינען זיי געווען, זיי האָבען געהיט דאָס לאנד פאר אונז, קיינעם זאָל דאָס ניט געהערען. די דאָזיגע שטיינער האָבען געוואָרט אויף אונזערע חלוצים, ווען זיי האָבען מיט זייערע האמערס א קלאפ געטאָן האָבען זיי זיך אונטער־געגעבען.

דערנער? זאָגט איהר, אמת, אין די מיליאָנען דערנער צו־שפּרייטען זיך איבער דאָס גאַנצע לאַנד, און פלעכטען זיך איינס אין אַנדערען, זעהען אוים ווי פאַרקאָלטענט, ווי פאַרפּלאָנטערט, „סירים סבוכים" האָט מען זיי אין תנ"ך פערצייכענט, ווער האָט זיי אַהער געבראַכט?

קיין מאָל וועל איך ניט פאַרגעסען די ווערטער פון אונזער גרויסען פריינד, איינער פון די חסידי אומות העולם, פּראָפּעסאָר אוהאַגען עליו השלום פון האַמבורגער אוניווערזיטעט, ער קומט קיין ארץ ישראל מיט אַן אויפגאַבע: אויסצופאָרשען, אויב עס איז אמת ווי עס איז פאַרשריבען ביי אונזערע חכמים, אַז פאַר יעדען טראָפּען רעגען פון אויבען, גיט דער ארץ ישראל באָדען פון אונטען צוויי טראָפּען וואַסער אַנטקעגען. ער האָט פאַרשיידענע עקספּערימענטען געמאַכט, און דערוויילי ענטדעקט ער אין ארץ ישראל נאָך אַ וואונדער, די דערנער.

זעהט, זאָגט ער צו מיר אַמאָל: „דער ליבער גאָט האָט זיינע מלאכים אַהער געשיקט, און דאָס פאַרפּלאַנצט", ער ווייזט מיר אויף אַ דאָרען.

— צו וואָס ברויכט מען דאָס, ה' פּראָפּעסאָר, פרעג איך איהם?

יאָ, — איז זיין ענטפער, ווען ניט די דערנער, וואָס וואָלט דאַן מיט דעם באָדען געוואָרען? און ער דערקלערט מיר: צוויי טויזענד יאָהר וויסטעניש, די רעגען שטראָמען וואָלטען דאָ קיין שפּור באָדען ניט איבערגעלאָזען, אַלץ וואָלט אָפּגעשווויינקט גע־וואָרען, עס וואָלט געוואָרען אַ בעט מיט שטיינער, וואָס וואָלטען דאָ געטאָן די קינדער פון ישראל ביי זייער צוריקקעהר? די השגחה האָט די דאָזיגע דערנער פאַרפּלאַנצט, דער רעגען האָט גענאָסען, און די דערנער האָבען טיף, טיף אין דער ערד וואָרצלען געשלאָגען, אום דעם באָדען פעסט צוהאַלטען. איצט קענען קומען די קינדער פון ישראל.

זאָלען זיי אויסרייסען, אויסברענען די דערנער, און אויף דעם אָרט קענען זיי פלאַנצען אָראַנזשען, אוילבערטען, מאַנדלען, טאַבאַק, וואָס זייער הארץ גלוסט זאָלען זיי נאָר פלאַנצען, אַלץ וועט דאָ וואַקסען און בליהען.

זעהט איהר מיינע פריינד, וואָס די דאָזיגע דערנער זיינען געווען פאַר דאָס לאַנד און פאָלק ישראל? ניט קיין דערנער זיינען זיי, נאָר שומרים! זיי האָבען אויסגעהיט אונזער לאַנד.

אָבער וואָס איז מכח וואַסער? וואו גאַנצע אַכט חדשים איז דאָ ניטאָ קיין רעגען?

ריכטיג, אָהן רעגען כמעט גאַנצע אַכט מאָנאַט. א זאַך, וואָס אין אַלע לענדער פון דער וועלט וואָלט אונמעגליך זיין איבערצוטראָגען, קיין זאַך וואָלט דאָרט געבליבען מעהר לעבען. אָבער אין ארץ ישראל האָט אונז דער ליבער גאָט בעשאָנקען מיט א ווינטעל, טאָג איין, טאָג אוים אין בעשטימטע שטונדען קומט ער צופליהען פון די בערג אין גליל העליון, לויפט דורך דעם גליל התחתון, דעם „עמק", דעם שרון, די שפלה, קומט אין יהודה און אַלעס ווערט דערפרישט און ערקוויקט.

ארץ ישראל האָט אָבער יאָ וואַסער. די ימות הגשמים גיבען גענוג רעגען פאַר דעם גאַנצען יאָהר. מען דאַרף נאָר זאַמלען, רעגולירען, דאָס איז אונזער זאַך.

## ב.

ווי האָט אויסגעזעהן דאָס לאַנד מיט פערציג יאָהר צוריק? און אפילו מיט 20 יאָהר און נאָך מיט 10 יאָהר צוריק? א וויסטעניש, א מדבר, די זון האָט געברענט איבער דעם קאָפּ ווי א קאַלך־אויוועז, דאָס זאַמד אונטער די פיס האָט געבריהט ווי הייסע קוילען, קיין שפור ניט פון שאָטען. צושטערט אַלע וועלדער, אויסגעהאַקט אַלע בוימער, אפילו די וואָרצלען פון די אַלטע בוימער האָבען די אַראַבער אויך פאַרברענט אויף קוילען.

אַ לאַנד אָהן וואַלד, איז ניטאָ ווער זאָל עס באַשיצען פון ים. און טאָג איין, טאָג אויס האָט אויסגעשפּרייט דער ים מיליאָנען טאָנען זאַמד. און פרוכטבאַרע שטרעקען אין אַ מדבר פאַרוואַנדעלט. בעסער געזאָגט: דער מדבר פון יענער זייט ים האָט גענומען ציהען אַ המשך אויף דער זייט ים, די זאַמד מדבר האָט זיך געשטריקט איבער דעם איצטיגען תל־אביב און איבער די קאָלאָניעס ראשון־לציון, רחובות א. אז. וו.

אַ לאַנד אָהן וואַלד, האָבען זיך די ווינטען רחבות'דיג צו־שפּרייט די הענד און אָנגעבראַכט פאַרשיידענע קראַנקהייטען פון די נאַכבאַר לענדער, די אויגען קראַנקהייט, טראַכאָמע, ביז צום בלינד ווערען, איז געוועזן פאַרשפּרייט איבער דאָס גאַנצע לאַנד. נאָך היינט, נאָך די גרויסע סאַניטאַרע ארבייט פון „הדסה" און „ועד הבריאות", געפינסטו דאָך אין יעדען אַראַביש דאָרף מענשען, אַלטע און יונגע, ביי וועלכע ביי איינעם דאָס רעכטע אויג, ביי דעם אַנדערען דאָס לינקע, ביי איינינגע ביידע אויגען, מענשען זיינען גאָר אָהן אויגען געבליבען, די טראַכאָמע, האָט די אויגען אויפגעפרעסען ביז אויף דעם לעצטען שפּור, אַ לאַנד אָהן וואַלד, איז ניט געוועזן ווער זאָל איינזאַפּען די פייכקייט, — די רעגענס האָבען געגאָסען, די זון האָט געטריקענט און אין אַלע טאָלען פון לאַנד האָבען זיך גע־בילדעט זומפּען, נעסטען פון מאַלאַריע, אַפילו די גאָט געבענשטע שטרעקען אין עמק, זיינען אויך געוועזן באַדעקט מיט געלען פיבער, ביז ערשט פאַר פינף יאָהר.

אפילו וואסער קוואלען וועלכע זיינען היינט אַ גאָט'ס ברכה, האָבען דאָך געבראַכט אַ קללה. זיינען געוועזן אַ פּעסט פון קדחת. ניט נאָר מענשען האָבען פון דער פּעסט געליטען, נאָר אויך פיה. האָט אַ קוה, אַ חמור, אַ פרדה, פאַרבלאָנדזשעט אַהין וואו די זומפּען זיינען, איז זי שווין מעהר לעבען ניט גע־בליבען. אַ פויגעל איז דורכגעלאָפען און די אנאפלוסען זיינען איהר באַפאַלען, האָבען זיי איהר פאַרגיפטעט. אַלע וואַסער־

קוואַלען זיינען פון די זאַמדען און שטיינער פאַרשטאָפּט געוואָרען. איז דאָס רייכע לאַנד מיט וואַסער אָהן וואַסער געבליבען, איז מען געצוואונגען געווען רעגען וואַסער אין שמוציגע בורות צו זאַמלען, וועלכע האָבען די פּעסט נאָך פאַרגרעסערט. אַ געפאַר איז דאָרט געווען פאַר יעדען קומענדען מענשען און אויך פאַר איירָאָפּאַ.

אַ לאַנד אָהן וועגען. קיין באַהנען, קיין שאָסעען. שמאָלע וועגען האָבען געפיהרט פון איין פּלאַץ אין דעם צווייטען, גוט געווען נאָר פאַר דעם אַראַבער מיט זיין אייזעלע, און נאָך בעסער פאַר די רויבער און באַנדיטען מיט וועלכע דאָס לאַנד איז געווען איבערפילט. עס איז אַ סכנה געווען דורכצוגעהן פון איין אָרט צו דעם צווייטען. פון יפו קיין ירושלים צו געהן, האָט מען פריהער וודוי געזאָגט. „ודרכי ציון אבלות", אזוי טרויעריג זיינען געווען ציונס וועגען.

פון יענער זייט ירדן פלעגען אָפט קומען אויף באַזוך מחנות בעדואינער מיט זייערע פלינקע קעמלען און באַפאַלען די אָרימע איינוואוינער פון דער זייט. ווי די ראש־פּנה'ער אידען דערצעהלען, זיינען אין דעם שכנות'דיגען אַראַבישען דאָרף „דזשאון" איינמאָל אַ מחנה בעדואינער געקומען מיט קעמלען און לאַנגע זעק, אָנגעפּאַקט מיט וואס זייער הארץ גלוסט: ציגען, שעפּסען, תבואה, און אויך אַראַבישע אינגעלעך, און אַוועק מיט דעם ווינט, ניטאָ קיין ריכטער און קיין קלאָגער, לית דין ולית דיין. רציחות און בלוט פאַרגיסונג איז געווען דער סדר היום אין גאַנצען לאַנד. איהרע שעהנע בערג און הערליכע טאָלען זיינען געוואָרען רויבערנעסטען.

קיין פּאָסט, קיין טעלעגראַף, קיין טעלעפאָן, — אָרמוט און עלענד אין יעדען ווינקעל. קיין פאַבריק, קיין רעכט ענטוויקעלט געשעפט, אויסער די פאַבריקאַציע פון האָדעווען קעמלען און נאַכהער גנב'ענען זיי, איינער פון דעם צווייטען. קיין מסחר, קיין

שפּור פון לעבען. אין היילען און חורבות אונטער דער ערד איז אַלעס געווען פארגראָבען. די ארימע אראבישע יפו איז שיער ניט פארזונקען געווארען אין שמוץ, און פארשאָטען געווארען פון די בערג זאמד, וואס דער ים האָט ארויסגעווארפען. און די הייליגע שטאָדט ירושלים, ווי עלענד, ווי טרויעריג זי האָט אויס־געזעהן ערשט נאָך מיט זיבער יאהר צוריק, מיט איהרע שמאָלע געסלאך באדעקט מיט ריזען שטיינער, אנגעפילט מיט שטויב, מיט צואוואָרפענע בנינים, „ועיר האלהים משפלת עד שאול תחתיה”.

און דאָס זעלבע איז געווען אויך אין חיפה.

און וואס איז געווען דאָ אונזער פארמעגענס? ניט קיין איין שפּאן ערד, ניט קיין איין פוס באָדען, ניט מיר האָבען גע־אַקערט, ניט מיר האָבען געזייעט. מיר האָבען דאָרט געהאט חלוצים און פּיאָנערען פון אידישען צער, תפילות, סגופים און תעניתים. זיי האָבען איבערפילט די שטעדט און ארומגעבלאָנ־דזשעט ארום די הייליגע קברים, וועלכע זיי האָבען באנאָסען מיט טרערען פון בענקשאפט, מיט טרערען פון האָפנונג און גלויבען אין דעם טאָג פון דער גאולה.

קברים, קברים, דאָס איז געווען אונזער פארמעגען. הייליגע קברים, וואו דיין פוס טרעט, אין יעדען ווינקעל פון לאנד.

אָט זיינען די קברי אבות, אָט איז דער קבר רחל, אָט זיינען די קברי המלכים, די קברי הנביאים, די קברי הסנהדרין, דער קבר שמעון הצדיק מיט זיינע תלמידים, דער קבר שמואל הנביא. די־קברי החושמנאים, קברים אויף יעדען באַרג, אין יעדער טאָל, אין יעדען דאָרף, אין יעדער שטאָדט, קברים, קברים, — קברים פון אבות, נביאים, תנאים, גבורים, קדושים וועלכע האָבען די אידישען פאָהן אויפגעהויבען הויך איבער זייערע קעפּ און אין אַ קאַמף פאר גאָט, זיין תורה, זיין פאָלק און לאנד, געפאלען.

אמת, די קברים האָבען זייער באדייטונג, די העברעער רופען

עם ניט אומזיסט „בית החיים". פון יענער „ביינער טאָל" איז אויסגעוואקסען אונזער לעבען, אונזער קיום. ווען דו געהסט ארום צווישען די קברים נעמט דיך אָן א גאוה. דו זעהסט די רינגען פון דער גאָלדענער קייט, פון איהר גרויסען אָנהויב, מיט יעדען דור נייע חשוב'ע רינגען, אין ארץ ישראל קען יעדער קלאָר זעהן אונזער יחוס בריף. ניט נאָר זיינען דאָרט פאראַן קברים פון מלכים און נביאים, נאָר אויך פון די נשיאים, פון די תנאים, פון די גאונים, און אויך שפעטער. די אידען זיינען שוין צושפרייט איבער אלע וועלט טיילען, זיינען טיף איבער דעם האלז אין גלות, אָבער קיין ארץ ישראל קומען זיי, ווען זיי קענען ניט ל ע ב ע ן אין זייער לאַנד, קומען זיי אהער זייער לעצטען אָטעם אויסהויכען, הייליגער מאכען די ערד מיט זייער ערדישען טייל. דו שפאצירסט צווישען קברים און איבער דיר שוועבט דער גייסט פון לעבען.

א פאָלק וואס פארמאָגט אזעלכע טויטע איז אונשטערבליך... און הויך הייבסטו אויף דיין קאָפ, פול מיט האָפנונג און גלויבען, אז ניט ווייט איז דער טאָג ווען א ניי לעבען וועט אויפשטעהן אין דעם לאַנד, נייע שטעדט און דערפער וועלען דאָ געבויט ווערען.

מעהר ווי קברים איז אָבער אין אונזער לאַנד ניט געווען. קברים און דער איינציגער דענקמאָל, וועלכער איז אונז פארבלי־בען פון יענער גרויסער גלאַנץ־צייט, דער „כותל המערבי", אלץ איז צושטערט געווארען פון בייזען שונא'ס האנד. נאָר דער כותל איז שטיין געבליבען. אָבער אויך ער איז געפאנגען, ארומ־גערינגעלט מיט אראבישע הייזלעך, שטאַלען וואו חמורים און קעמלען האָבען זייער היים. איהר קאָנט צום כותל ניט צוגעהן. מיט שמאָלע געסלעך, פארזייעט מיט גרויסע שטיינער, בארג ארויף, בארג אראָפ, וואו עס זיצען אויף דער ערד א גרויסע צאָל אונגליקליכע קינדער פון ישראל, יעדער מיט זיין שיסעלע

אין אויסגעטריקענטע הענט. שנאָרער, אָרימע, נאַקעטע, באָר־וועסע, בלינדע, אַלערליי קאַליקעס, אַלטע און יונגע, מענער און פרויען, גרוזינער אידען, תימנ׳ער אידען, פערזישע אידען, ספרדים און אשכנזים, אידען פון אַלע עקען וועלט, דורך וועלכע דו לויפסט דורך ווי פארוואונדעט, און אין דיינע אויערען קלינגען טראגיש די ווערטער וואָס דער גרויסער דענקער אחד העם האָט ארויסגע־זאָגט: דאָס זיינען ניט סתם שנאָרער, קבצנים, נאָר דאָס זיי־נען ע ד ו ת אויף דעם חורבן פון אונזער פאָלק.

נאָר אָט שטעהסטו ביים כותל. א שווידער נעמט דורך דיין לייב. אַלטע ריזען שטיינער, דורכגעווייקט מיט טרערען פון אַלע דורות, וועלכע האָבען אַזוי ביטער דעם חורבן פון אונזען לאנד און פאָלק באַקלאָגט, שטיינער־ריזען, עדות אויף דעם חורבן פון אונזער לאנד. און אויב גאָט האָט דיר מיט א הארץ באשאָנ־קען, רייסטו קריעה און באהאלטסט דיין געזיכט אין די צולע־כערטע שטיינער פון וואנט, און דיינע טרערען מישען זיך צונויף מיט די טרערען פון אַלע דורות, און די טרויעריגע אחד העם׳ישע פראגע לאָזט דיך ניט אָפּ.

אויף וואָס פריער זאָלסטו וויינען? אויף דעם חורבן פון פאָלק אדער אויף דעם חורבן פון לאנד?!

ג

ויאָס איז היינט אונזער פארמעגען אין ארץ ישראל? וואס זיינען דאָרט אונזערע דערגרייכונגען נאָך פינף און פערציג יאהר מסירות נפש און אָנשטרענגונג פון די חובבי ציון און א קליין הייפעל פאר׳עקשנ׳טע טרוימער אידעאליסטען?

וואס האָבען מיר היינט אין ארץ ישראל? אונזער צו־קונפט! אונזער טרוים פון אַלע דורות ווערט דאָרט איצט פאר־ווירקליכט. אונזער עהרע און שטאָלץ, אונזער פאָלקס עהרע, פאלקס ווירדע, ווערט דאָרט צוריק באניים. אונזער ציון פאָהן ווערט פארפלאַנצט און אונזער קליינע מדינה, וואס ווערט גע־

בוים, פארשטאַרקט און פארגרעסערט מיט יעדער שטונדע, מיט יעדען טאָג. א ציגעל צו א ציגעל ווערט דאָרט איצט געלייגט, א שטיין צו א שטיין, איין דונאַם באָדען נאָך דעם צווייטען ווערט אויסגעלייזט.

האָט מען אונז קיין גוטען באָדען ניט געוואָלט פארקויפען, האָבען מיר געקויפט שלעכטען, מיט זומפען באדעקט, געלען פיי־בער פארשפרייטענדיג, מיט בערג זאמד פארשאָטען, אָדער מיט ריזען שטיינער פארלייגט. אפילו וויסטענישען אָהן וואסער, — מיר האָבען אלץ געקויפט און זעהר טייער באצאָהלט, מיט עובר לסוחר׳דיגע רענדלעך. איז עס דאָך אונזער לאנד, דאָס לאנד פון די אבות, וועלכע איז אזוי וויסט און עלענד, ווי דאָס אומגליקליכע פאָלק.

זיינען געקומען די טרייע קינדער צו זייער טרייע מוטער, וועלכע זיי האָבען לאנג ניט געזעהן און געפונען איהר פאראלי־זירט פון בענקעניש נאָך זיי. זיינען די קינדער באפאלען זייער מוטער, גענומען האלזען און קושען זי און טאָן אלץ וואס זיי קענען אום זי צוריק געזונד צו מאכען. מיט ליבע און צארטקייט האָבען מיר גענומען בויען אונזער מוטערלאנד, וועלכע האָט אי־בערגעלעבט זיבען און דרייסיג חורבנות, און איז געבליבען וויסט און עלענד ווארטענדיג אויף אונז, איהרע קינדער.

קענט איהר דען אנדערש פארשטיין די גרויסע מעשים פון דעם „נדיב הידוע״? א מאגנאט, ווייט געווען פון זיין פאלק, געלעבט אין סאלאָנען, דער געלד קעניג אויף דער וועלט בירזשע. פלוצלונג מאכט ער פאר זיין אויפגאבע אין זיין לעבען: ארץ ישראל באָדען צו קויפען, — „גאולת הארץ״, דאָס לאנד פאר דאָס אידישע פאָלק אויסצולייזען. זיינע ראטגעבער זיינען אונ־צופרידען, זיי האָבען ניט מורא אָפען צו זאגען, אז ער ווארפט ארויס זיין געלד, זיינע מיליאָנען אין זומפען און מדבריות צווי־שען ווילדע בעדואינער. אָבער אומזיסט זייערע עצות. דער מאג־

נאַט איז מיט אדלער־אויגען, באַשאַנקען, און ער זעהט זעהר ווייט. ער פארשטעהט בעסער.

— קויפען ! — דאָס איז זיין ענטפער אויף אַלע עצות. קויפען וואו מען קען און וואָסער באַדען נאָר מעגליך. ניט אָפּשטעלען זיך פאר קיינע שוועריגקייטען...

קיינער ווייסט נאָך דאן ניט ווער איז עס דער „נדיב הידוע". ער איז דער ערשטער און איז נאָך דערוויל דער בן־יחיד פארבליבען, קיינער טוט איהם ניט נאָך אפילו היינט. ווען יעדער שטיינדעל איז מיט גאָלד צו וועגען...

מעהר ווי א האַלבען מיליאָן דונאם האָט באַראָן ראָטשילד אויסגעקויפט. ער האָט דעם נאָמען „נדיב הידוע" כשר פאַרדינט. דאָס איז אָבער בלויז אַן אָנהויב. איך בין זיכער, אז אין די שפּעטערדיגע דורות וועלען לעגענדעס באַשאַפען ווערען ארום דעם נאָמען פון דעם מאַן, דער גרויסער איד, דער שר בישראל.

די חובבי ציון, דער אידישער נאַציאָנאַל פאָנד, קהלית ציון פון אמעריקא און אַנדערע פּריוואטע חברות קומען נאָך איהם מיט זייערע קניות וועלכע דערגרייכען א מיליאָן מיט א פּאָר הונדערט טויזענד דונאם אידישען באָדען.

די אידען האָבען מיט די גרעסטע מסירות נפש אויסגעטריקענט די זומפען, אויסגעשטיינערט, דאָס לאַנד פאַראַקערט, אויסגעריסען זיינע דערנער, פאַרפלאַנצט עס מיט מיליאָנען בוימלעך, געדטנער אויסגעלייגט פון פאַרשידענע פרוכטען, געמאַכט וועגען, שאָסעען ביז א 400 קילאָמעטער, און פאַרוואַנדעלט די זאַמד־מדבר אין אָאזיסען, אין קולטור צענטרען, וואָס זיינען א ברכה און א זעגען פאַר אַלעמען.

א מיליאָן מיט צוויי הונדערט טויזענד דונאַם אידישער באָדען. דער שעהנער אָנהויב איז געמאַכט געוואָרען. אידיש לאַנד, אידישע ארבייט, אידיש לעבען און אידישע פרייד.

מיר בויען איצט די אידישע היים דורך אייגענע ארבייט און קרבנות. מיר זיינען אַן ארבייטס־פאָלק געוואָרען דורך נאָכט.

ווער האָט עס געקאָנט גלויבען אז דאָס איז מעגליך? אז דאָקטוירים, אדוואָקאטען, סטודענטען מכל המינים, סוחרים און לופט מענשען זיינען אימשטאנד אזוי פיל גבורה און אויסדויער צו האָבען, צו באזיגען אזעלכע וויסטענישען, וואס האָבען זיך געפונען אין רשות פון מלאך המות אליין? צו קעמפען מיט מיליאָנען אנאָפעלים'ן, און אַנדערע קראַנקהייטען, מיט הונגער און דאָרשט, מיט ארמוט און עלענד, און נאָך מעהר — מיט זיך זעלבסט, מיט אייגענעם ניט וויסען און ניט פארשטיין, מיט גע־וואוינהייטען פון אַ צוויי טויזענד יאהריגען גלות, — צו קעמפען און זיגען, אין אַ נייער געזעלשאפט, אַ ניי לעבען צו גרינדען?

אזוי איז עס אָבער געווען. די מענשען האָבען געבויט, יעדען ווינקעל אויסגעשטודירט, יעדען שטח אויסגעפאָרשט. היינט ווייסען מיר שוין לכל הפחות וואס און וואו צו פלאנצען און צו זייען, ווי אזוי דעם באָדען צו קולטיווירען.

וואס איז ווערט היינט אונזער באָדען אין ארץ ישראל?

איך גלויב ניט, אז מען קען מיט געלד אָפשאצען אזא פאר־מעגען וועלכער איז דער יסוד פון אונזער פאָלקס בנין. אבער אויך מיט געלד איז דאָס ווערט פארמעגענס. דען אויף דעם באָדען האָבען מיר געשאפען הונדערט מיט אכטצעהן פונקטען, ישובים, פאַרפּאָסטענס, הונדערט אכטצעהן אידישע דערפער מיט העברעאישע נעמען.

ווייט אין צפון, ביי דעם „עמק עיון”, וועלכער איז אמאָל געווען באדעקט מיט הייליגע אידישע קברים, פאנגט זיך אָן אונ־זער ישוב — מטולה, די לעצטע קאָלאָניע, און פון דאָרט אָן קייטעלט זיך קאָלאָניע אין קאָלאָניע.

אראָפּ פון בארג און אין אַ 30 מינוט אין „כפר גלעדי”,

און פון דאָרט נאָך א 20 מינוט איז „תל־חי" — דאָס זיינען די צוויי פונקטען, וועלכע האָבען זיך אָנגעטרונקען מיט די בלוט פון די גבורים טרומפּלדאָר און זיינע חברים, די מכבייער פון אונ־זער דור. פון דאָרט, פארבייגעהענדיג צו „חולה", דער גרויסער זומפּ וועלכער ווארט נאָך אויף אונזערע הענד מיר זאָלען איהם אויסטריקענען, אין דעם פּלאַץ פון דער ביבלישער שטאָדט „קדש נפתלי", פון וועלכער עס קוקען חורבות ארויס, קומסטו אין דער קאָלאָניע „יסוד המעלה". די קאָלאָניע פארדינט א פּאָר ספּע־ציעלע ווערטער.

מיט צוויי און דרייסיג יאהר צוריק זיינען אהין געקומען מזעריטשער אידען און אנדערע, האָבען געגעסען חינין מעהר ווי ברויט. דאָרט, ביי דעם „מי מרום", וועלכער איז איינער פון די ארץ ישראל ימים, וואס קען זיין א ברכה מיט זיינע וואסערען, און איז אָבער נאָך ארומגערינגעלט פון זומפּען. די אידישע גבורים האָבען דאָרט געגראבען א קבר נאָך א קבר, א גרויסען בית הקברות אויסגעגראבען. אין יעדער הויז פון די אלטע קאָ־לאָניסטען געהען נאָך איצט ארום די אלטע, אויסגעמאטערטע העלדען און קושען די בילדער פון זייערע געפאלענע קינדער... מיט די קערפּער פון זייערע קינדער האָבען זיי פעט געמאכט דעם באָדען. זיי האָבען אָבער אויסגעהאלטען דעם קאמף, און "יסוד המעלה" ניט פארלאָזען. יסוד המעלה וועט נאָך ווערען א פּראכט קאָלאָניע אין דער צוקונפט. פון דאָרט פארביי דעם ירדן גלייך קיין „משמר", „אילת השחר", „מחנים", ארום וועלכע עס זיינען גאנצע לעגענדען אויסגעוועבט געווארען, פון גבורה און העלדענ־מוט, ווען דו קומסט אין דעם גרויסען אידיש דאָרף „ראש פנה", וואס איז מיט עטליכע און פערציג יאהר צוריק געגרינדעט גע־ווארען. על פרשת דרכים, רעכטס אין דער הויך אויף די בערג, פיהרט דיר דער פּראכטפולער שאָסעע קיין צפת, צו דער אלטער אידישער קהלה, און פון דאָרט קיין עין זיתים און מירון, און לינקס, מיט דעם שאָסעע קיין „מגדל", „טבריה", וועלכע וועלען

וואַרשיינליך אין דער נאָהענטער צוקונפט פאַרבויט ווערן צוזאַ־מען אין איין גרויסער שטאָדט צוליב דער גרויסער ברכה פון די „חמי טבריה", די הייל קוועלן וועלכע מאַכן ממש פון טויט לעבעדיג. און דורך דער נייער שכונה „קרית שמואל", אויף די בערג צו דער קאָלאָניע מצפה, חטין, און פון דאָרט צו „אילניה" אָדער „סגרה", „כפרתבור", און צוריק אין „בית גן", אין יבניאל פוריה, כנרת א' און ב', אין דגניה ביי דעם אָנפאַנג פון ירדן און אויסגוס פון כנרת, אין דגניה ב' ביז עפולה, די שטאָדט אין עמק, וואס די קהלית ציון האָט געבויט, און דאָ רעכטס, קיין „בלפוריה", די קאָלאָניע פון קהלית ציון, „כפר ילדום", די יתומים רעפּובליק, וועלכע ווערט אויסגעהאַלטען פון אונזערע חברים אין סאוטה אפריקא, אין תל עדש, און פון דער אַנדער זייט שאָסעע קביצת מרקנהוף, די באַלגאַרישע קבוצה, און דאַן צוריק צו עפולה, און קומסט אין „מרחביה", די ערשטע קאָלאָניע אין עמק ישראל, וועלכע איז מיט בלוט און קרבנות פאַרטיידיגט געוואָרען, און דאַן די נייע פּונקטע, „כפר יחזקיאל", „כפר גבע", „בית אלפא", „תל יוסף" און „עין חרוד", און קומסט אריין אין אַראַביש דאָרף „זרעין", אויף דעם אָרט פון דער אַלטער שטאָדט יזרעאל. די אַראַבער אין דאָרף צייגען נאָך אָן אויף די חורבות פון אחאב'ס ווינטער פּאַלאַצען. און לינקס פירט דער שאָסעע צו ירושלים, רעכטס צוריק צו עפולה און פאַרביי נצרת, פאַרסטו מיט דעם עמק גלייך אין „נהלל", דער נייער בליהענדער ישוב.

אין די אַלע נייע פּונקטען האָבען די חלוצים וואונדער־מעשיות צו דערצעהלען, פון אונפאַרגעסליכען העלדענמוט, פון קרבנות אָהן אַ שיעור. עס איז כדאי געווען. די מדבר זומפּען זיינען אין עמק אין אַ פּאַראַדיז פאַרוואַנדעלט געוואָרען. און נחלת יעקב און עבודת ישראל, וועלכע זיינען אַ מוסטער פון גבורה און אָפּפערוויליגקייט. פון דאָרט קיין חיפה, זכרון יעקב, „חדרה", „בנימינה", פתח תקוה, עין גנים, „רעננה", מגדיאל, הרצליה, בני ברק, רמת גן, שכינת בורכוב, נחלת יצחק, און דורך תל אביב אין

„מקוה ישראל", ראשון לציון, רחובות, נס ציונה, עקרון גדרה, קוסטניה, ביז'ן דרום.

הונדערט מיט אכטצעהן פונקטען, מיט בלוט און טרערען באַגאָסען, וואו עס לעבען 35 טויזענד גבורים קינדער פון ישראל. און די טויזענדער אויסגעבויעטע פאַלאַצען קוקען ארויס מיט זייערע רויטע דעכער, איינגעטונקט אין גרינס, ארומגערינגעלט פון צעהנדליגער טויזענדער עופות, טויבען און הינער, רינדער און שאָף, וואו עס יובל'ט פון פרייד א לעבען פון געזונדע מענשען, און וואו די לופט שאַלט מיט לידער פון האָפנונג און גליק.

## ד.

וואָס נאָך האָבען מיר אין ארץ ישראל? אידיש שטעדט, וועלכע מיר האָבען געבויט! אויף די בערג זאמד, וועלכע דער ים האָט ארויסגעשפייט, דורך וועלכע עס איז געווען א געפאַר ביינאכט דאָרט דורכצוגעהן, אפילו בייטאָג אויך, איהר האָט דאָרט קיינמאָל קיין מענשען ניט באַגעגענט, — אָט אויף דעם אָרט איז אויסגעבויט די גרויסע צוקונפטיגע קור־אָרט שטאָדט תל־אביב, וועלכע באַצויבערט אייך מיט איהרע פאַלאַצען, האָטעלען, גרויסע הערליכע געשעפטען, באַלויכטען מיט עלעקטרישע ליכט, מיט געפלאַסטערטע טראָטואַרען, וואַסער־לייטונג און אַלע באַקוועמליכקייטען אין אַלע 186 גאַסען. עס איז א אידישע שטאָדט מיט אידישע גאַסען, אידישע גאַסען מיינט ניט נאָר א פּלאַץ וואו אידען וואוינען, וואו מען לאָזט זיי עקזיסטירען, א אידישע גהעטאָ, נאָר גאַסען וואו עס ווערט געשאַפען א פריי אידיש לעבען. זיי זיינען אין אַלץ אידיש, אפילו אין די נעמען — רחוב יהודה הלוי, רחוב ר' יוחנן בן זכאי, רחוב הרמבם, ביז רחוב ביאַליק, אחד העם — נעמען וועלכע רעדען צו דיין נשמה, צו דיין הארץ, וועלכע ערמאָנערן דיר דיין גרויסען עבר, און שטאַרקען דיין גלויבען אין דיין ליכטיגער צוקונפט. יעדער ווינקעלע דאָרט זאָגט עדות, אז דו ביזט ביי זיך, אין דיין היים,

דו דערשפירסט דאָרט מיט אלע דיינע חושים, אַז דו טרעטסט אויף דעם באָדען פון דיינע אבות, אַז דו ביזט אַ בעל הבית, דו ביזט אין ארץ ישראל!

ניטאָ אויף דער וועלט נאָך אַזאַ אָרט, אין וועלכען דו זאָלסט זיך קאָנען פיהלען אַזוי גליקליך, אַזוי פריי, אַ „בן חורין גמור“, ווי אין תל אביב.

איהר זעהט, פריינד מיינע, שטעדט האָבען מיר געבויט אין דער גאַנצער וועלט, שעהנע שטעדט, כרכים; אין יעדען לאַנד, וואו אידען לעבען, האָבען מיר גאַנצע שטרעקען מיט הערליכע שטדט אויסגעבויט. אין אמעריקא, למשל, האָבען אידען אויס־געבויט איין כרך גרעסער פאר דעם צווייטען. עס זיינען אין אַמעריקא אויך פאַראַן אייניגע אידישע שטעדט, וואו עס איז ניטאָ קיין גוי אויף אַ רפואה.

נו איז וואָס, איז דאָס אפשר אידישעס? חלילה! דאָס איז דאָס רייכטום פון די פאראייניגטע שטאַאטען. דאָס איז אַמעריקא!

נאָר איין פלאַץ אויף דער וועלט איז דאָ, וואו אידען האָבען געבויט, געפלאַנצט און געשאַפען, און דאָס געהערט צו אידען אַליין, וואָס איז אידישעס, ביי אידען און פאר אידען, — דאָס איז דאָרט, אין דעם לאַנד, וואָס איז פאַרקריצט און פאַרשריבען אויף אונזער תנ"ך מיט דעם נאָמע „ארץ ה׳, ארץ יהודה, „ארץ העברים“ און „ארץ ישראל“. אויך דער נאָמען „תל אביב“ איז אַלט און היסטאָריש.

וועלכער כח האָט דאָס צונויפגעזאַמעלט פערציג טויזענט אידען קיין תל־אביב, וואָס האָבען איהר געבויט מיט אַזאַ אימפעט, מיט אַזוי פיל קרבנות, איין פאַלאַץ נאָך דעם צווייטען, איינער שעהנער פאר דעם אַנדערען, אַלע איינגעטונקט אין בלומען און גרינע בוימלאַך? וועלכע קראַפט האָט דאָס צונויפגעקליבען די אידען פון אַלע לענדער פון דער וועלט, אַז זיי זאָלען דאָרט

גרויסע פארמעגענס אין די שטיינער און אין ציגעל אריינ־
גראָבען?

עס זיינען דאָ פילע וואָס באַקלאָגען זיך אויף דעם פאַקט, וואָס אידען האָבען אַזוי פיל געלד אין די געביידעס אריינגע־לייגט, אַנשטאָט צו קויפען באָדען און גען אויף דעם לאַנד. איך בין אָבער איבערצייגט, אַז עס וואָלט ניט געווען געהאָלפען די עצות פון מומחים, אפילו שלמה המלך׳ס, צו יענע אידען, אַז זיי זאָלען בעסער געהן אויף דעם לאַנד, בעסער פּלאַנצען פּרדסים און שאַפען אַ לאַנד־ווירטשאַפט, — ניין! זיי וואָלטען ניט ווירקען. דאָס פאַרוואָגעלט פאָלק, וואָס האָט אויסגעבויט אַזוי פיל שטעדט אין דער וועלט, אין אַלע לענדער, ביי אַלע פעלקער, וואו צווישען די ווענט פון זייערע מויערען האָט איהם שטענדיג אַ בייזער שטן געשראָקען, און פאַר זיך קיין מנוחה ניט געפונען, ניט ביי טאָג און ניט ביי נאַכט, — דאָס דאָזיגע פאָלק האָט, נאָך צוויי טויזענט יאָהר פרעמדע שטעדט בויעניש, באַקומען די מעגליכקייט צו בויען זיין אייגענע שטאָדט, אין זיין לאַנד, פאַר זיין עהרע און פאַר זיינע קינדער, — וועט ער אַזאַ מעגליכקייט דורכלאָזען?

און תּל אביב, די ערשטע אידישע שטאָדט אין דער וועלט איז אויסגעבויט! די שעהנע תּל אביב! די ריוועריע פון פראַנקרייך, די קראַנצענסבאַד פון דייטשלאַנד; דערלעבט דעם טאָג וואָס אידען האָבען אַן אייגען שטיקעל ים, וועמעס וועלען שפּילען זיך מיט די ברעגען פון אונזער אייגענער שטאָדט, וואו אונזערע קינדערלעך שטיפען ווי די חוואַליעס, וואו אונזערע אַל־טע ווערען יונג, דען זייערע אַלטע ביינער ווערען דורכגעגליהט פון די ליכטיגע זונען שטראַלען, וואָס וואַרימען זייער בלוט און מאַכען זיי יונג, פון וואָס זיי ווערען שטאַרק ווי אייזען.

„חיי נשמות אויר ארצך“ — האָט דאָך נאָך ר׳ יהודה הלוי געזונגען.

און אין דערזעלבער צייט וואָס תּל אביב האָט זיך געבויט,

האָט מען ירושלים ניט פאַרגעסען. געווען גאָט צו דאַנקען, אַזעלכע אידען, וועלכע האָבען רוהיג ניט געקענט צוזעהען, ווי די הייליגע שטאָדט ירושלים איז ווי אַ חורבה, וואו ניט וואו אַ שטוב, און דאָס אויך אין דעם אַלטען אַראַביש סטיל — אָהן ליכט, אָהן באַקוועמליכקייטען, און די שמאָלע געסלאַך פול מיט שטויב, און זיי האָבען זיך גענומען און אויסגעבויט נייע קוואַר־טאַלען, גאַנצע שטעדט; תלפיות צום דרום אויף דעם וועג צו קבר רחל, אַ הערליכע שטאָדט, וואו די ירושלים'ער אַריסטאָקראַ־טיע לעבט, און פּאַלאַצלאַך אויסגעבויט און יעדעס פון זיי אַרומגעצאַמט מיט אַ שעהנעם גאָרטען, קליינע ווילּיעס, — אויף דעם העכסטען פונקט פון ירושלים, לינקס, און דו זעהסט דעם ים המלח; אַנטקעגען דיר די גאַנצע ירושלים, מיט איהרע בערג אַרום, מיט איהר צויבער פּאַנאָראַמאַ, די שענסטע אין דער וועלט; און צו צפון די נייע שכונה „בית הכרם“, וואו לעהרער, שריפטשטעלער און פקידים האָבען אויף די ריזען שטיינער אַ גן עדן פאַרפלאַנצט, מיט גערטנער פון אַלערליי פרוכט־בוימער. ביז שפּעט אין דער נאַכט, פאַר דעם שיין פון דער ליכטיגער לבנה האָבען זיי, קומענדיג פון זייער אַרבייט, שטיינער געהאַקט, טעראַסען געבויט, גריבער געגראָבען און בוימלאַך פאַרפלאַנצט, און אין דעם שענסטען ווינקעל עס פאַרוואַנדעלט. היינט איז שוין פאַרבויט כמעט דער גאַנצער שטח אויף דעם וועג צו ירושלים די נייע שכונה „קרית משה“, מיט די ברייטע גאַסען און שעהנע הייזער, און אויף יענער זייט בית הכרם — די נייע שטאָדט „בית וגן“, וועלכע בויט זיך, „רוממה“ און „רחביה“, וועלכע יעדע פון זיי האָט אַפּולע צו דערצעהלען פון אָפּפער־וויליגקייט און מסירות נפש, ביז עס איז דערגרייכט געוואָרען, ביז עס האָט אין די מדבריות, באַדעקט מיט שטיינער, אָהן וואַסער, ווייט פון שטאָדט, וואו עס איז געווען אַ לעבענס־געפאַהר אַרויסצוקומען אַפילו בייטאָג, — גענומען יובלען מיט פרייד און לעבען, וואו אַפילו קליינע קינדער לויפען זיך אַרום פראַנק און פריי. עס זיינען באַזיגט און פאַרטריבען געוואָרען

ניט נאָר די שאַקאַלען, וועלכע האָבען אָהן אויפהער באַקלאַגט די וויסטעניש, נאָר אויך די רוצחים און ווילדע מענשען. נייעס לעבען איז דאָרט געשאַפען געוואָרען אין יעדען ווינקעל.

די זעלבע געשיכטע איז געשעהן מיט חיפה. עס איז פאַרבויט געוואָרען דער „הדר הכרמל" מיט אַ פּראַכט שטאָדט אַרום דעם פּאַלאַץ פון אונזער טעכניקום. לינקס, צו צפון, די שכונה „נוה שאנן", און רעכטס צו דרום די שכונה „בית גלים", האַרט ביים ברעג ים. דאָס זעלבע אויך אין דער אַלטער טבריה. עס איז אויסגעבויט געוואָרען אַ הערליך קוואַרטאַל קרית שמואל, אויף דעם נאָמען פון דעם ערשטען אידישען נציב, סיר הערבערט סעמיועל.

מיט די שטעדט איז געקומען די אייגענע אינדוסטריע. עס איז ערשט אַן אָנפאַנג — אָבער ביז פינף הונדערט פאַבריקען זיינען אויסגעבויט געוואָרען, גרעסערע און קלענערע, פאַבריקען, ווי „נשר" סיליקאַט, לודזיה, רעננה; פאַבריקען פאַר טעקסטיל, צעמענט, זייף און פאַרשידענע אַנדערע. דער יעניגער וועלכער האָט נאָר באַזוכט די אינדוסטריעלע אויסשטעלונג אין תל אביב, דער האָט געקענט באַשיינפּערלאַך זעהן אַז די אידישע פעהיג־קייט, דער אידישער געניוס שטעהען ביים ווערקשטאַט, זיינען שותפים למעשה בראשית, זיי שאַפען אַ נייע וועלט. פון אַלץ, וואָס מען ברויכט האָבען פאַר אַ מענשליך לעבען אין אַן אַנטוויקעלט לאַנד, איז דאָרט געוועזן. עס איז געווען פאַרטראַכטען די שטאָדט און דאָס דאָרף.

אין ארץ ישראל זיינען געקומען אידען פון אַלע לענדער און האָבען מיט זיך געבראַכט די שפּראַכען פון אַלע פעלקער. ניט אַלעמאָל פאַרשטעהען זיי זיך; זיי האָבען געבראַכט פאַר־שידענע מנהגים און זיטען, וועלכע זיינען געוואָרען אַ טייל פון זייער כאַראַקטער. דערנעהנטערט זיך אָבער שוין דער טאָג, ווען עס וועלען פאַרשווינדען אַלע פרעמדע געוואוינהייטען, אַלע

אונטערשיידען. עס שאַפט זיך שוין דאָס איינהייטליכע פאָלק, געוועבט דורך אונזער הייליגער נאַציאָנאַלער שפּראַך, די שפּראַך פון דער תורה, די שפּראַך פון אונזער ברייטער און רייכער ליטעראַטור, די שפּראַך אין וועלכער עס האָבן זיך אויסגעלעבט די גרויסע אבות, די נביאים, תנאים און גאונים, ביז אויף אונזערע לעצטע דיכטער און דענקער — די העברעאישע שפּראַך! אין יעדען דאָרף, אין יעדער שטאָדט, אין יעדען ווינקעל, אין יעדער קבוצה, אויף יעדען שריט און טריט, הערסטו דעם קלאַנג פון אונזער אַלט־נייער הייליגער שפּראַך.

אויפגעלעבט האָט די שפּראַך ווי דורך אַ כשוף, אין הויז און אין גאַס, אין שטאָדט, אין דאָרף, אין פעלד און אין וואַלד, אין קיך און אין מאַרק, אין קינדער גאָרטען, אין פאָלקס שול, אין גימנאַסיע ווי אין אוניווערסיטעט, אין טעאַטער ווי אויף אַלע פאַרזאַמלונגען, אויף די נייע געלד ווי אויף די פּאָסט־מאַרקען, אויף אַלע באַהן סטאַנציעס, אויף די וואַקזאַלען און אויף אַלע וועגען, אין אויטאָמאָביל ווי אויף דער דראָזשקע — הערסטו נאָר העברעאיש.

קיינמאָל וועל איך דאָס ניט פאַרגעסען! ווען איך האָב באַזוכט דעם גרינעם מאַרק אין תל אביב, — האָבען זיך גראָד דעמאָלט צוויי פרויען צוקריגט, איינע פון פּוילען, די אַנדערע, שיינט מיר, פון רומעניען, און עס איז חדושים צו הערען ווי די צוויי פּראָסטע פרויען האָבען זיך געזידעלט און געשאָלטען אין אַ קלאַסישען העברעאיש! עס איז געווען די פרשה תוכחה פון חומש אַרויס. אָבער ניט נאָר דער אידישער צבור, יונג און אַלט, פאַרשטעהט און רעדט העברעאיש, נאָר אויך די הויזיגע חיות, די קיה און פערד, די אייזלען און פּרדות. יעדע קוה ווערט גערופען מיט אַ העברעאיש נאָמען — מרים, חנה א. ז. וו. יעדע קעלבעלע, דוכט זיך, מעקעט אויף העברעאיש. קום איך אַמאָל אין „אילת השחר“, פיהרט מען מיר גלייך אין דער גרויסער שטאַל. איך קום אַריין. אַ יונגער מאַן פון מיטעלען וואוקס,

פעסט געבויט, מיט פיס ווי אקאליפּטוס קלעצלאַך, מיט הענט — זייערע מוסקולען שטאָל, האלט אַ לאָפּעטע און רייניגט דעם שטאָל.

— ימימה, ימימה, — שרייט ער פּלוצלונג אויס, פאַרט־זעצענדיג זיין ארבייט, — ימימה, קומי, עלי לכבד את הרצפה! — שטעה אויף, איך דאַרף ריין מאַכען דעם באָדען.

צו וועמען רעדט ער דאָס? — טראַכט איך מיר. אין שטאָל זעה איך קיינעם, אויסער איהם און מיין באַגלייטער. איך קער זיך אום — רעכט, אין אַ ווינקעל, ארומגעצאַמט מיט ברעטלאַך, ליגט אַ רויטע קוה'לע, און דאָס איז די „ימימה", וועמען ער האָט גערופען. אָבער ווי ערשטוינט בין איך געוועזען, אז ווען דער בחור האָט נאָך אמאָל אַ געשריי געטאָן פון ווייטען: ימימה קומי! — האָט די קיה'לע זיך גלייך אויפגעשטעלט אויף די פאָדערשטע פיסלאַך, אפּגערוקט זיך פון פּלאַץ און איז שטעהן געבליבען. און נאכדעם ווי ער האָט ריין געמאַכט דעם פּלאַץ, זאָגט ער צו איהר: רבצי, רבצי, ימימה!... — אָט אזוי ריידען דאָך מיט זייערע הויז־חיות די קינדער פון אַלע פעלקער, אויף זייער לשון, און זיי פאַרשטעהען זיך.

העברעאיש אין אונזער שפּראַך, פון וועלכער איהר דער־הערט דעם אָפּקלאַנג פון אַלע דורות, און וועלכע פאַרקניפּט אונז מיט די מחשבות און רעיונות פון אַלע צייטען פון אונזער גע־שיכטע. די שפּראַך לעבט איצט אין מויל פון יעדען אידען אין אונזער לאַנד. און ווער קאָן דאָס אָפּשאַצען דעם ווערט פון דער שפּראַך פאר דאָס פאָלק?

ארץ ישראל האָט אונז אויך צוריק געגעבען די שמחה פון לעבען! ניט איינמאָל איז מיר אויסגעקומען צו באָאבאַכטען דעם טרויער, מיט וועלכער עס זיינען אָפּגעשטעמפּעלט די אידישע פּנים'ער אין די גלות לענדער. איהר קענט דאָס זעהן אפילו

אין דער גליקליכער אַמעריקא, וואו אידען האָבען זיך רייכטום ערוואָרבען.

אויף די צעהנדליגער פאַרזאַמלונגען, וואָס איך האָב אַדרע־סירט אין אַמעריקא, וועלכע טויזענדער מענשען האָבען באַזוכט, זעהען די באַזוכער אויס גייסטיג צובראָכען, דאָס ליכט אין די אויגען אויסגעלאָשען. זיי זיינען באַהערשט פון אַ אייביגען טרויער. וואָס איז די סבה? פאַרוואָס אַזוי מוטלאָז און גע־פאַלען? — ווייל זיי זיינען ניט זיי, ווייל זיי ווייסען ניט וואָס עס הייסט שמחה פון לעבען; זיי געהען אַרום דאָס לעבען, נעבען דאָס לעבען, ביי דעם לעבען, אָבער געהן ניט אריין אין דעם לעבען, זיינען ניט איינס מיט דעם לעבען. זיי טראָגען ניט דאָס לעבען אין זייער ברוסט, אין זייערע הענט. זיי זיינען ניט די בעלי בתים פון לעבען. אַ פרעמדע האַנט דיקטירט זייער לעבען. עס איז צוגענומען געוואָרען די שעהנקייט פון אידישען לעבען. ניטאָ קיין שבת, קיין יום טוב, קיין מנוחה, קיין שמחה, קיין שלום, קיין ברכה. דער אידישער שבת, וועלכער איז אַלעמאָל געווען פאַר אונז דער קוואַל, פון וואַנען מיר האָבען געשעפּט כח און פרייד אויף דער גאַנצער וואָך; דער שבת אין וועלכען דער איד פלעגט דורכלעבען זעלבסט־באַנייאונג התחדשות עצמית, — איז ניט מעהר. אַ גאַנצע וואָך געלעבט אין דחקות, אין נויט, אָבער פרייטאג פאַרנאַכט ווערט דער איד אַן אַנדער מענש, אַ נייער איד, מיט אַ נשמה יתירה, אַ בן מלך! אַ פּרינץ!

איהר געדענקט דעם אַלטען זיידען, אָדער אפשר נאָך אייער טאַטען — זיין פרייליך געזיכט, זיין פרייד און גליק מיט זיין גאַנצער פאַמיליע אין די הייליגע שבתים און ימים טובים? גאַנץ אָפּט איז דער זיידע, דער טאַטע געווען באַליידיגט פון וואָכעדיגען לעבען, געשלעפּט די טאַטשקע פאַר אַ שטיקעל דאַ־ברויט פאַר זיינע קינדער; איז געקומען דער שבת קדש, האָבען זיך באַוויזען די ליכטיגע שבת שטערען אין הימעל, — און זיין

האַרץ איז אָנגעגאָסען געוואָרען מיט פרייד... היינט איז ניטאָ מעהר יענע פּאָעזיע, יענע הייליגקייט. ניטאָ די שכינה. — דאָס איז די סבה פון דעם אומעט אין גלות. די מענשען זיינען פרעמד צו זיך אַליין, לעבענדיג אין אַ פרעמדער סביבה, אַרומגערינגעלט פון אַ פרעמד לעבען, פרעמדע קינדער פרעמדער פרייד. די אידען האָבען פאַר זייער רייכטום טייער באַצאָהלט, דאָס איז דער אומעט. קומט אין ארץ ישראל און זעהט ווי אַלע און אַלע פרעהען זיך שבת און יום טוב; ניטאָ אַזאַ שמחה אויף דער גאַנצער וועלט, אין קיין לאַנד, אויף קיין אידיש געזיכט, ווי נאָר אין אונזער לאַנד. דאָס איז די שמחה פון יצירה, פון שאַפען און בויען, פון לעבען אַן אייגענאַרטיגעם לעבען, פון זיין אַליין אַ בעל הבית, פון האָבען אין די אייגענע הענט דעם גורל פון לעבען, אַ גאַנץ לעבען אין הויז, אין גאַס, אין שול און אין שטוב.

איך האָב אַמאָל באַגעגענט אין צפת יצחק דעם שמש, אַן אָרימער איד מיט אַ גרויסער פאַמיליע, וואָס פאַרדינט גאַנצע 5 דאָלאַר אַ וואָך, שפּאַצירענדיג אַרום אויף דער פעסטונג, די הענט פאַרלייגט, דעם קאָפּ אין דערהויך, מיט אַ ליכטיגען שמייכעל. — גוט שבת, וואָס מאַכט איהר ר׳ יצחק?

— וואָס הייסט וואָס מאַך איך, גאָט צו דאַנקען, איך בין דאָך ב״ה אַ בעל הבית, איך בין ביי מיר אין דערהיים, איך לעב אין אונזער לאַנד! — איז געווען זיין ענטפער. אַ בעל הבית אויף דעם באָדען פון די אבות, וואו אויף יעדען שריט און טריט דערקענסטו דיין אַמאָליגע גדולה, אויף וועלכען עס וואַקסט, שפּראָצט און בליהט דיין גליק און דיין צוקונפט, פאַר דיר, פאַר דיינע קינדער, פאַר דיין פאָלק.

# אידישער ווילען אידישער גייסט.

ס'איז א דבר ידוע, א לייב און א העלפאנט זיינען חיות ריזען, זיי פארמאָגען אויסערגעוויינליכע כחות. ביאָלאָגען פאַר־זיכערען אָבער אונז, אז אויך די דאָזיגע חיות באזיצען ניט מעהר כח, און ניט ווייניגער, נאָר אזוי פיל, וויפיל זיי דאַרפען האָבען פאר דעם צוועק צו דערהאַלטען זייער דאָ־זיין, צו באַ־קעמפען אַלע אומגינסטיגע באדינגונגען אין דער סביבה, אין וועלכער זיי געפינען זיך, צו דערווערבען זייערע נויטיגע נאַהרונג.

ווען דער זעלבער לייב זאָל האָבען מעהר כח, ווי ער דאַרף האָבען פאר דעם צוועק פון זיין עקזיסטענץ, וואָלט ער אַלץ אַרום איהם צושטערט און צוטראָטען. און פאַרקעהרט: ווען ער זאָל האָבען ווייניגער כח ווי ער ברויכט פאר זיין לעבענס־אויפהאַלט, איז ער צו שוואך פאר דער אויפגאַבע — ער קאָן ניט לעבען.

אויסגעמאָסטען און אָפּגעוואויגען זיינען די כחות פון דער חיה: ניט מעהר און ניט ווייניגער וויפיל זי געברויכט. „חק וזמן נתן להם שלא ישנו את תפקידם" — אן אייביג געזעץ באגלייט חיות מיט פאַראויס באַשטימטע כחות.

מענשען זיינען אַנדערש. די פארשידענהייט פון מענשליכען מין איז אונערשעפּליך: פאַראַן אַזעלכע, וועלכע פאַרמאָגען אין זייער הארצען, אין זייער נשמה, קיין ווילענס־קראַפט, קיין מוט,

קיין ענערגיע, קיין אונטערנעמונג. זיי זיינען גייסטיג ארעם. די זיינען אומגליקליכע אביונים. גאנץ אפט קומען זיי אן צו אנדערע מען זאל זיי העלפען, זיי קענען ניט באקעמפען די סביבה, אין וועלכער זיי געפינען זיך, קאנען ניט ביישטעהן די באדינגונגען פון לעבען.

און עס איז דא א צווייטע קאטעגאריע פון מענשען, וועלכע טראגען אין זיך דעם כח פון זעלבסט־באוואכונג; זיי זיינען א קוואל פון ענערגיע און ווילענסקראפט. די מענשען זיינען פעהיג צו באקעמפען די באדינגונגען, די סביבה, צו איבער־מעכטיגען אלע שוועריגקייטען פון לעבען פאר דעם צוועק פון זייער חיונה.

חיונה, אבער ניט מעהר!

אלץ, וואס זיי פארמאגען אין זייער גייסטיגען אוצר, פאר־ווענדען זיי כדי זיי זאלען האבען גענוג עסען און טרינקען פאר זיך און פאר זייער פאמיליע. אויף דעם גיבען זיי אפ אלץ — זייער גאנצע ענערגיע און כחות. זיי האבען נישט אין זייער וועלט מעהר ווי די באדערפנישען פון זייער חומר.

אונזער משורר ביאליק האט אמאל דערציילט אויף א פארזאמלונג:

ער האט געקענט א מענשען, וועלכער פלעגט הארעווען א גאנצען טאג, זעהר אפט ביז האלבע נאכט, אויף זיין פרנסה, אין גאס, זוכענדיג פארשידענערליי פארדינסטען.

אמאל באגעגענט ער איהם מיטאגצייט — ער געהט אהיים.

— ווארום אזוי פריה אהיים? — פרעגט איהם ביאליק.

— איך האב שוין פארדינט מיין פרנסה אויף היינטיגען טאג, און מעהר דארף איך ניט.

— וויפיל דארפסט איהר א טאג אויף אייער חיונה?

— 28 קאָפּיקעס, — האָט איהם דער איד געענטפערט.

— דער טאָג איז דאָך אָבער נאָך גרויס, איהר קאָנט דאָך נאָך פאַרדינען.

— ניין. — ענטפערט ער איהם. — כל זמן איך האָב נאָך ניט פאַרדינט מיינע 28 קאָפּיקעס אויף מיין טאָג לעבען, האָב איך כחות צו ארבייטען אפילו ביז שפּעט אין דער נאַכט. אָבער אזוי באַלד ווי איך האָב געמאַכט מיין לעבענס-מיטעל, לאָזען זיך אוים ביי [illegible]ר די כחות, און איך קען מעהר ניט ארבייטען.

אויסגעבראַכט אַלע כחות אויף אַכט און צוואַנציג קאָפּיקעס...

און עס איז דאָ נאָך אַ דריטע מענשען-קאַטעגאָריע, מענשען וועלכע באַזיצען אין זיך דעם גרויסען דראַנג פאַר רוחניות, זיי זיינען אַ רעזערוואואַר פון גייסטיגע אוצרות, אַ שפּייכלער מיט כחות הנפש, קראַפט אָן אַ שיעור.

די מענשען קעמפען אויך פאַר דעם מאַטעריעלען אויפהאַלט פון זיך און זייערע פאַמיליע, אָבער זיי בלייבט נאָך איבער כחות פאַר גייסטיגע דערהאַלטונג; זיי שעפּען ניט אוים זייער גאַנצע ענערגיע אויף דעם שטיקעל ברויט. די מענשען רייסען זיך ארוים פון דעם קרייז פון טאָג-טעגליכקייט, זיי ווערען די עסקנים, די כלל טוער, וואָרט זאָגער, טאָנגעבער, לעהרער און וועגווייזער.

ווייל אַ נאַטור-געזעץ איז עס אויך, אז מענשען פון אייגענ-אַרטיגען גייסט, פון באַזונדערען נשמה-טריב, פון נשמה-יתירה, רייסען זיך ארוים אויף דער אויבערפלאַך, להכעים אַלע מכשולים, אָבער אין וואָס אָט די ארויסרייסענישען דריקען זיך אוים, ווענדט זיך אָן דער סביבה אָדער ערציהונג.

לאָמבראָזאָ, אין זיינע שריפטען, רעדט וועגען דער באַציהונג

צו א באנדיט, א רויבער מצד דער מענשליכער געזעלשאפט. פארוואס אזוי ווייניג איינזעהען מיט אזא אומגליקליכען מענשען? פיליכט איז גאר ניט ער אינגאנצען שולדיג אין זיינע פאר־ברעכענס; פיליכט איז אין איהם גאר פארלארען געגאנגען א מענש, א גייסטיגער ריעז, מיט אויסערגעוועהנליכער באגאבונג, — זוכט און איהר וועט זיך אפשר איבערצייגען, — זאגט לאמבראזא, אז אט דער באנדיט האט געלעבט ביי א מוטער, וואס האט איהם כסדר מיט קללות באגלייט; ביי א פאטער, וואס האט ניט פארמאגט פאר איהם קיין שמייכעל, קיין ווארימע האנט; ארימקייט און עלענד, טרויער און הונגער — דאס איז געווען די סביבה, אין וועלכער ער האט געלעבט; אהן לעהרער, אהן ערציהער און אהן דער גינסטיגער געזעלשאפטליכער סביבה פאר זיין אנטוויקלונג. פארבלייבען אזוי דערשלאגען און פארלאזען האבען איהם זיינע ריזען כחות ניט געלאזען — זיי האבען געזוכט אויסדרוק. אויסערגעוועהנליכע קראפט און ענערגיע קאנען ניט געהן פארלארען. ער רייסט זיך דאן ארויס פון זיין אומגליקליכען קרייז, שטעלט זיך אין קאמף מיט זיין פאר־שאלטען לעבען און באזיגט עס מיט זיין פארשטאנד, מיט זיינע גייסטיגע אנלאגען — ער ווערט א באנדיט!

ווען דער זעלבער מענש וואלט אבער יע געהאט א צארטע מוטער, א שעצענדען פאטער, א ווארימע ליכטיגע סביבה, א מדריך און אן ערציהער, דאן וואלטען מיר, אנשטאט א פאר־ברעכער געהאט א גרויסע פערזענליכקייט, פיליכט א פיהרער. פון יענע, וואס באצווינגען און פיהרען גרויסע מאסען מיט זייער פערזענליכען מאגנעטיזם.

דאס איז דער פארלוסט פון מענשען, גבורים און גייסט ביי דער אומגליקליכער געזעלשאפט.

* * *

און פונקט אזוי פארשיידענארטיג, ווי עס זיינען אינדיווי־

דועלע מענשען, זיינען אויך פעלקער און נאציעס אין דער מענשליכער געשיכטע.

עס גיבען פארשידענע פעלקער. נאָך היינט, אין דער תקופה פון הויכער ציוויליזאציע און קולטור, זיינען פאראן פעלקער, אָרימע, וועלכע פארמאָגען גאָרניט — קיין ווילענסקראפט, קיין העלדענמוטה, קיין טאפפערקייט; ווילען גאָרניט און דארפען גאָרניט. זיי קענען ניט און זוכען ניט צו באקעמפען די פארשידענע אומגינסטיגע אומשטענדען אין זייער לעבען; זיי האָבען ניט קיין רעגירונג, קיין ארמיי, קיין שול־נעץ, קיין ווירטשאפט. זיי לעבען אין מדבריות — גאנץ אזיען איז פול מיט אזעלכע פעלקער.

זיצען, די פיס אונטער זיך, אויף דעם ברענענדען זאמד, א פיפקע אין מויל, מיט א נארגילע אין פלאש וואסער, און זינגען נגונים... מעהר דארפען זיי ניט. דיזע פעלקער זיינען אונ־טעריאָכט, לעבען ניט זעלבסטשטענדיג.

און פאראן א צווייטע קאטעגאָריע פעלקער.

זיי באזיצען ענערגיע, לעבענס־ווילען, אויסדויער־קראפט; זיי באקעמפען די נאטור, די אומגינסטיגע אומשטענדען, פאר־בויען זייער לאנד מיט שטעדט און דערפער, פארפלאנצען זייער באָדען, שאפען אן עקאָנאָמישע ווירטשאפט.

זיי האָבען באזאָרגט די מאטעריעלע שפע פון זייער לאנד.

אָבער דאָ ענדיגען זיי. אלעס וואָס זיי האָבען פארמאָגט אין זייער נשמה האָבען זיי אָפגעגעבען פאר זייער פאָלק'ס עקאָנאָמישען וואָהלזיין. זייער גאנצע ענערגיע, זייערע אלע פעהיגקייטען, טאלאנטען, גאונים, — אלץ, אלץ אריינגעזונקען אין די גרעניצען פון זייער לאנד, אום זייער עקזיסטענץ צו דערהאלטען — „א לעבען צו מאכען". מעהר קיין כחות איז ביי זיי ניט געבליבען.

אויך אזעלכע פעלקער זיינען דא א סך אין דער געשיכטע. אפילו די שעהנע שווייץ, למשל, איז אויך נאר שעהן פאר זיך, האט דער וועלט קיין איין ניי ווארט ניט געגעבען.

אבער נאך א פעלקער־קאטעגאריע איז פארשריבען אין דער מענשליכער געשיכטע: פעלקער, וועלכע באזיצען, אזוי צו זאגען, אזא „איך" וואס קאן זיך ניט באנוגענען בלויז מיט גוף־באדערפ־נישען, נאר מוז האבען אויך צרכי הנפש. זיי פארמאגען א שפע פון גייסטיגע כחות, און זיי קענען ניט פארשווענדען זייער גאנצען זשעניע נאר אויף זייער עקזיסטענץ צו דערהאלטען, בלויז פאר זייער אייגענעם מאטעריעלען וואוילזיין. אט די פעלקער רייסען זיך ארויס פון דער טאג־טעגליכקייט פון דער פעלקער־געזעלשאפט, שטעלען זיך העכער און ווערען דער גייסטיגער אוואנגארד פון דער גאנצער מענשהייט. זיי קענען ניט בלייבען איינגעשלאסען אין זייערע גרעניצען.

זיי פארשפרייטען זייער לעהרע ווייט, ווייט איבער זייערע גרעניצען, און זייער ווארט דערגרייכט צו דעם געוויסען פון דער וועלט!

אמאל האט מען דאס געקענט זאגען אויך וועגען די גריכען, ווען זיי האבען געלעבט אין זייער לאנד אין גרויס רחבות און גליק, האבען זיי זייערע גייסטיגע אוצרות ניט אויסגעבראכט בלויז פאר די מאטעריעלע גענוסען פון לעבען. מיט זייער איבערפלוס פון כחות האבען זיי אויך באריימערט די וועלט מיט שעהנקייט, מיט קונסט, פילאזאפיע און לאגיק.

אבער — אויך די גריכישע כחות הנפש זיינען געווען אפהענגיג פון ארט און צייט. כל זמן זיי האבען געלעבט אין זייער לאנד, אין זייער היים, האט געלויכטען זייער גייסט אויך פאר אנדערע. פארלארען דעם באדען פון אונטער זייערע פיס, פארלארען זייער לאנד, אוועק אין גלות אריין, איז גלייך אויך זייער גלאנץ פארשוואונדען. ניטא מעהר קיין כחות אפילו זייער

עקזיסטענץ אלס א פאָלק צו דערהאַלטען. אלס פאָלק עקזיס־
טירען זיי ניט מעהר; ניטאָ מעהר קיין גריכען אויף דער וועלט;
ניטאָ קיין איין מענש, וועלכער קאָן קומען און זאָגען, אז ער
איז א גריך. זיי האָבען זיך מיט די סלאווען אויסגעמישט און
אונטערגעגאַנגען. ארונטער די קלוגע גריכישע ראַסע אין דעם
תהום פון דער געשיכטע.

* * *

נאָר איין פאָלק קאָן די מענשהייט, וועלכעס האָט באוויזען
צו באזיגען אלע באדינגונגען, אלע שרעקליכע אומשטענדען,
אונטער וועלכע עס איז איהם איזגעקומען צו לעבן; ניט נאָר
זיין עקזיסטענץ אלס פאָלק צו דערהאַלטען, נאָר אויך געגעבען
דער וועלט נייע אידעען, נייע לאָזונגען, נייע באגריפען, רע־
וואָלוציעס אין מענשליכען מח און דענקען, פארטיפונג אין
שאַפען, דערהויבונג פאר דעם גאַנצען מענשליכען מין. א ריז
אין דער מענשליכער משפחה, וועלכער קאָן ביישטעהן אלע אומ־
גליקען, אלע שרעקען, אלע רציחות, אויך דאַן ווען זיין בלוט
ווערט ווי וואַסער געגאָסען, אפילו ווען זיין עהרע ווערט מיט
די פיס געטראָטען, ווען ער ווערט בארויבט פון אלע רעכט און
איהם ווערט פארבאָטען אפילו די לופט צו געניסען, — אויך דאַן
קאָן ער זיך ניט באַנוגענען מיט מאַטעריעלער באפרידיגונג. אין
דער אלגעמיינער סכעמע פון זאַכען זוכט ער זיין עקאָנאָמישען
איינהאַלט, אָבער אין דערזעלבער צייט קאָן ער זיך ניט צופרידענ־
שטעלען מיט מאַטעריעלען ערפאָלג. ניין! זיין גייסט רוהט
נישט, זיין זעעלע, עמפפינדליך צו דעם קרעכץ פון דער מענש־
הייט, גיט איהם קיין מנוחה נישט. ערהאַבענעס, גרויסעס רייסט
זיך ארויס פון זיין נשמה און די שטראַהלען פון איהר ליכט
שפּרעען זיך דורך אין אלע סענסיטיווע ערטער פון א פארוואונ־
דעטער מענשהייט. אַן איבערפלוס פון נשמה־כחות, פון ענערגיע,
פון לעבענסווילען איז באַהאַלטען אין זיינע בלוטען. די באשטאַנד־
טיילען פון זיין העכערען וועזען זיינען אזעלכע אויפרייסענדע

שטאָפּען, אַז זיי ברעכען אויס פון צייט צו צייט און הויבען אויף די שטאַרקסטע, די מעכטיגסטע שאַפונגס־כוואַליעס....

ישראל — איז דאָס דאָזיגע פאָלק! דאָס איז דער ריז, דער גבור אין דער מענשליכער משפחה. אַלעמאָל, אין אַלע צייטען און לענדער, פון דעם ערשטען טאָג אָן ווי ער איז נאָר ערשינען אויף דער אַרענע פון דער וועלט־געשיכטע, ביז היינט, זיינען זיינע כחות ניט אויסגעשעפּט, זיין גבורה ניט אָפּגעשוואַכט.

אייניגע באַוואוסטע פאַקטען פון דער געשיכטע וועלען אפשר בולט'ער אַרויסברענגען די אורשפּרינגליכע אייגענשאַפטען פון אונזער פאָלקס־ווילען און גייסט.

איהר געדענקט די שילדערונגען פון אונזער תורה איבער דער ענטשטעהונג פון אידען און יודענטום.

ביטער און גרויזאַם זיינען געווען אונזערע איבערלעבונגען אין מצרים: קליינע קינדער אַרויסגעריסען פון די מוטערס אָרעמס, לעבעדיגערהייט אין וואַסער פון נילוס געשליידערט, אַלס שפּייז פאַר די פיש; אַלטע לייט געפּייניגט. אַ שקלאַף, אַן עבד איז געווען דעם אידענ'ס באַרוף. פאַר זיין פאַרגאָסען בלוט איז קיין דין און קיין משפּט ניט געווען. הפקר איז זיין לעבען, הפקר זיין עהרע, הפקר זיין פאַרמעגען; ער אַרבייט ווי אַן אייזעל אָהן אָפּרוה. זיין גוף איז איבערלאַסטעט, זיין נשמה דערשלאָגען, זיין געמיט דורכגעדרונגען פון טיפען טרויער, זיין פאַרצווייפעלטער געשריי האָט אין די הימלען דערגרייכט...

קיין מענש האָט געקענט גלויבען אין דער אידישער באַפרייאונג, קיינער האָט געגלויבט אין דער ערלייזונג.

ווער האָט דאָס געקענט פאָראויסזעהן, אַז אין אָט דער פאַרשקלאַפטער האַרץ לעבט עס אַזוי פיעל גבורה, אַזוי פיל פרייהייטס־בענקשאַפט, העלדענמוט?!

אפילו משה רבינו אליין ווערט דורכגעדרונגען פון צווייפעל

און יאוש — „שלח נא ביד תשלח“ — שיק דיר דורך ווענען דו ווילסט, איז געווען זיין ענטפער אויף דעם געטליכען רוף צו באפרייען זיין פאָלק.

אָבער ווי פון א ווולקאן שפּארט פּלוצלונג ארויס דער פרייהייטס-פלאם: דאָס פאָלק ערוואכט צו באפרייאונג, צו ערלייזונג, צו זעלבסטשטענדיגקייט. א זעעלען שטורם האָט אויסגעבראָכען, פאראייניגט זיינען אלע כחות, אלט און יונג, פרויען און מענער, — קאָנצענטרירט איז דער פאָלק'ס ווילען צו איין ציעל, צו איין שטרעבונג, צו איין וואונש: פון גלות ארויס! באפרייען זיך פון פארשקלאפונגס-קייטען!

און דער וואונדער איז געשעהן.

י צ י א ת  מ צ ר י ם! — דער פענאָמענער איינציגער ביישפיל אין דער געשיכטע!

פעלקער, וועלכע האָבען זייער גרויבטע פרייהייט צוריק ערוואָרבען, זיינען פאראן; פעלקער וועלכע האָבען מיט גרוים מוט צוריסען דעם יאָך פון פארשקלאפונג, זיינען אויך קיין נייעס נישט אין דער געשיכטע.

אָבער אזא משפחה בלויז פון זיבעציג מענשען, געלעבט אין טיראַנישער פארשקלאפונג, און פון דער קליינער, שיעור צום טויט ניט פארפייניגטער משפחה, זאָל ארויס א גרויסע אייביגע נאציע, — דאָס איז יע א נייעס אין דער געשיכטע!

און דער עיקר: ניט פון דרויסען איז די אויפלעבונג געקומען, ניט פון אויסערליכע סבות האָט דער פרייהייטס-דורשט אויפגעפלאַמט.

פון אינווייניג, פון דער טיפעניש פון דער נשמה, האָט זיך ארויסגעריסען א שטראָם פון ניי לעבען און האָט דאָס פאָלק אויפגעלעבט. אין דעם באשטעהט די גרויסקייט פון  י צ י א ת

מ צ ר י ם. דאָס איז די באדייטונג פון דער גרויסער וועלט־געשעהעניש. סטיכיש, פון זיך אליין, איז פון שקלאפען א פריי פאָלק געווארען. שנוי, מעשי בראשית!

דורך זיינע אייגענע קינדער געפיהרט, געלעהרענט, געוועקט און גערופען, ניט נאָר דורך משה'ן, דעם קעניגליך ערצויגענעם, נאָר אויך דורך אהרן, דעם אייביג פארקנעכטעטען, אין גלות אריינגעוואָקסענעם פאָלקס קינד.

און האָט נאָר דאָס פאלק ערוואכט, איז שוין ניטאָ מעהר די קראפט וואס קאָן זיך איהם אין וועג שטעלען. ווער עס וועט וואגען איהם דעם וועג פון זיין באפרייאונג צו פארצאמען, ווערט צוטראטען און פארניכטעט. דער נאציאנאלער ווילען האָט ערוואכט, האָט דערגרייכט זיין העכסטען אויסדרוק. און דאָס פאָלק געהט צו זיין ערלייזונג, געהט זיין אייגענעם שיקזאל שמידען. ער געהט צו זיין לאנד וואו זיינע הייליגע אָבות רוהען. אבער עס איז דאָ נאָך א שטערונג. די נאטור אליין — דער ים איז אין וועג.

דער ים אין וועג? דער ים אליין זאָל א וועג ווערען! אויך זיין קראפט מוז באזיגט ווערען: אויך ער טאָר זיך ניט שטעלען געגען דעם ווילען פון די פרייהייט־מארשירענדע. די נאטור אליין מוז זיך אונטערגעבען! דער ים מוז אויסטריקענען, זיך אויסשעפען, א וועג מוז ווערען, דאָס פאָלק מוז דורכגעהן! נחשון ווייזט דעם וועג.

אָבער אָט איז אָ נייער מכשול: נאָך דעם ים קומט דער מדבר. זיי מוזען דורכגעהן דעם מדבר, שלעפען די געשוואָלענע פיס אין די הייסע זאמדען, אונטער דער גלוטיגער זון, אָהן עסען, אָהן טרינקען, טאָג־איין, טאָג־אויס. עס פאָדערט זיך די העכסטע געדולד. די מדבר איז דער שווערסטער נסיון. אָבער די אידען שטעהען אויס די פראָבע. אייניגע בונטעווען זיך, — דער ערב רב ארבייט אויף אַלע כלים — פיהרט אָן העצעס, דאָס

פאָלק אָבער דולדעט, ליידעט אין נאָמען פון דער פרייהייט, קוויקט זיך מיט מן — דאָס זעלבע מאכל יעדען טאָג — טרינקט ביטערע וואסער און דולדעט.

דאָס פאָלק איז אויף זיין וועג צו זיין פרייהייט, און קיין זאך שרעקט איהם. עס איז געפאסט אויף אלץ. פרייהייט איז אָבער אונמעגליך אָהן געזעצליכקייט. זי איז דער ראהם צום בילד. פרייהייט איז דער ציל, דאָס געזעץ איז דאָס מיטעל. ווען עס איז אָבער ניטאָ קיין מיטעל, איז ניטאָ קיין ציל. אמת'ע פרייהייט מוז באזירט זיין אויף גערעכטיגקייט.

און זיינע לעהרער און פיהרער האָבען די גרויסע אויפגאבע, דעם געטליכען אמת פון ליבע און פון רחמנות, רעכט און גערעכטיגקייט, פרייהייט און זעלבשטענדיגקייט, דעם פאָלק צו לערנען, און דורך איהם עס באקענען צו דער וועלט.

א ליכט פאר דער גאנצער וועלט. פאר אלע מענשען קינדער, זאָל אָנגעצונ־דען ווערען אויף דעם בארג סיני.

דאָס אידישע לעבען מוז געריייניגט ווערען פון געצענדינסט, וואס זיי האָבען געזעהן אין מצרים. עס טאָר דערפון קיין זכר ניט בלייבען. דאָס אידישע פאָלק מוז אויפנעהמען די ליכטיגע אידעע פון אחדות הבורא, דער ווינקעלשטיין פון דער אידישער עטיק, „אָנכי ה' אלהיך", איך בין דער איין־און־איינציגער גאָט. דער איינציגער גאָט פון דער אב־סאָלוטער גערעכטיגקייט, פון אבסאָ־לוטער ווארהייט, פון אבסאָלוטער ליבע, פון אבסאָלוטער פרייהייט.

א העל־שטראַהלענדיגע ליכט איז מיט איין מאָל פאר דער גאנצער וועלט אנגעצונדען געווארען און דאָס אָקאָרשט באַ־פרייטע אידישע פאָלק דארף עס ווערען דער טרעגער פון אָט דעם

ליכט־פאקעל, און א מוסטער פאלק פאר דער מענשהייט. ניט נאר א י י נ צ ע ל נ ע מענשען, יחידים זאלען אויסגעצייכענט זיין, ניט נאר איינצעלנע גרופען — דאס ג א נ צ ע פאלק זאל זיין א „גוי קדוש"! עס זאל א פריסטער פאלק, א „ממלכת כהנים", פאר דער מענשהייט ווערען, מיט וויסען און פארנונפט זאל עס זיין לעבען איינארדנען, אזוי אז עס זאל ווערען אן „עם חכם ונבון", אן „עם סגולה", דאס ליבלינג פאלק צווישען די פעל־קער. און שוין אין דער מדבר שרייבט עס זיין קאנסטיטוציע. די גרונד געזעצען פון זיין לעבען. אלץ, אלץ ווערט דא באַ־זארגט. דער פונדאמענט פאר א שעהנער, עדעלער, גערעכטער געזעלשאפט ווערט דא געלעגט. אלע פארהעלטניסען פון דער גע־זעלשאפט, פון מענש צו מענש, ווערען דא פארמולירט אויף אן אופן וואס איז נאך עד היום דער אונדערגרייכטער אידעאל פון דער ציוויליזירטער מענשהייט.

נעמט אייניגע ביישפילע פון פילע:

די באציהונג פון דער געזעלשאפט צום גנב. די היינטיגע ציוויליזירטע וועלט בויט טורמעס, וואוהין זי פארשיקט די גנבים, כלומר'שט כדי צו שיצען די געזעלשאפט. אין דער אמת'ן אבער זיינען די טורמעס אקאדעמיעס פאר פארברעכער, קליינע גנבים ווערען גרויסע, גרויסע ווערען נאך גרעסערע. אונ־זער תורה איז געגען תפיסה, שיקט ניט דעם גנב אין טורמע. ער וועט דאך אן ערגערער מענש ווערען. לעבענדיג אין א שלעכ־טער סביבה, אהן ליכט, אהן לופט און אהן רחמנות — מוז דאך נאך מעהר פארגיפטעט ווערען זיין הארץ, וועלכע לעכצט נאך זיין פאמיליע און דארשט נאך גליק. זיין פרוי און קינדער וועלען דאן אויך פארברעכער ווערען. דער עונש וואס ווערט פאר איהם אויסגעשטעלט איז א געלד שטראף „כפל". נאר האט ער ניט צו באצאהלען, דאן פארקויפט איהם דער בית־דין, דאס געריכט, אויף זעקס יאהר צו אן אנשטענדיגער פאמיליע, וואו ער לעבט אין א גוטער סביבה, האט צו עסען, צו טרינקען, און אויך זיין

פרוי און קינדער פיהלען זיך ניט אזוי דערשלאָגען, אזוי אומגליק־ליך. דער פאָטער ארבייט און פאַרדינט זיין חיונה. דער פאַר־ברעכער־צייכען ווערט אויף די שטערנס פון זיין אומשולדיגער משפחה ניט אויסגעקריצט.

נאָך די זעקס יאהר, מוז איהם זיין בעל הבית פאר א זעלבסטשטענדיגען מענש מאכען. ער מוז איהם געבען פון אלעם גוטען: מגרנך, מיקביך, מצאנך, מזיתיך, קאָרען, ווייץ, מאַנד־לען, שעפסען און פיה, ער מוז איהם אויף די פיס שטעלען, אזוי אז אלע זיינע אמאָליגע פארברעכערישע נייגונגען זאלען מעהר אי־בער איהם קיין שליטה ניט קענען האָבען. אן ערציהונג־סיסטעם מוז אנגעווענדעט ווערען אום דער געזעלשאפט גליק צו ברענ־גען.

פיל וויכטיגער איז אָבער אזוי די געזעלשאפט איינצוארדענען אז עס זאָלען גנבות פאָרקומען וואס ווייניגער.

קודם־כל די לאנד־באזיץ פראגע: צוטיילט פאר אלעמען גלייך דעם באָדען, ועלכער איז נאציאָנאליזירט — „כי לי כל הארץ”, דאָס עס איז דאָס געטליכע אייגענטום, איז פאר אלע צו ארבייטען און צו געניסען — די גלייכע פארטיילונג איז אָבער נאָך ניט קיין גאראנטיע אז דער באָדען זאָל סוף כל סוף זיך ניט קאָנצענטרירען אין ווייניגע הענד. דען די מענשען זיינען ניט גלייך. עס זייען דאָ פעהיגע און אונפעהיגע, פלייסיגע און נאכ־לעסיגע נאטורען. עס זיינען דאָ קראנקע און געזונטע מענשען, פאמיליעס מיט קינדער פיל, ווייניג, און אָהן קינדער. עס זיינען דאָ מענשען מזל'דיגע און מענשען וואס דער אונגליק יאָגט זיי נאָך. דער מאן אין נויט איז אפט געצוואונגען פארזעצען זיין באָדען ביים רייכען, פאר א הלואה, וואס אויב ער קאָן ניט באַ־צאָהלען, פארלירט ער זיין באָדען. דאָס לאנד נעמט זיך ווייטער קאָנצענטרירען אין די הענד פון די רייכע, די רייכע ווערען רייי־כער, און די אָרימע — אָרימער. עס ווערען צוויי קלאסען — מחנות, אָרים קעגען רייך.

מען מוז שטעהן אויף דער וואך ניט צו דערלאָזען קיין אבּ־סאָלוטע רייכטום און קיין אבסאָלוטע ארימקייט. אבסאָלוטער רייכטום דעמאָראליזירט דעם מענשען גייסטיג ; אבסאָלוטע אָרימ־קייט צוברעכט איהם קערפּערליך. דאָס אידישע געזעץ פאדערט דארום „יובל”! דאָס איז אַ קאמף מיט דער אבסאָלוטער רייכ־קייט פון איין זייט, און מיט דער אבסאָלוטער ארימקייט, פון דער צווייטער. ווען דער יאהר פון „יובל” איז געקומען, ווערט אומגעקערט צו דעם אָרימאַן און שוואכען זיין פארקויפט לאנד. „בשנת היובל הזאת תשבו איש אל אחזתו” (ויקרא כ”ה, י”ד). דאָס אידישע געזעץ זארגט ניט נאָר פאר דעם אייגענעם, נאָר אויך פאר דעם פרעמדען, דעם „גר”.

— „וקראתם דרור בארץ לכל יושביה”, פרייהייט זאָל פּראָ־קלאמירט ווערען איבער’ן לאנד, פרייהייט פאר אַלעמען, אויך פאר דעם פרעמדען.

די אידישע געזעצגעבונג איז געגען קנעכטשאפט, און זי נעמט אָן מיטעל וואס זאלען העלפען דעם קנעכט ווערען ווען ניט באלד פריי, איז לכל הפּחות פרייער, און דער קנעכט האָט א רייהע מיט פּריווילעגיעס אין דעם הויז פון זיין האר.

אנטלויפט אַ קנעכט, טאָרסטו איהם ניט איבערגעבען צו זיין האר. ווי נאָר דער מענש האָט זיין פוס אויף דעם ארץ ישראל באָדען געשטעלט איז ער א בן־חורין, איז ער פריי, אונאָפּהענגיג, און קען וואוינען „במקום אשר יבחר לו”, דאָרט וואו ער וועט זיך אַליין אויסוועהלען ! אפילו אין דיין הייליגער ירושלים, די רעזידענץ פון בית המקדש, פון קעניג. נאָך מעהר : „לא תוננו”, זאָגט דער ספרי : דו זאָלסט איהם ניט קרענקען, אָדער צערענען. געה מיט איהם ארום ווי מיט אַן ערלעכער מאַטעריע. דער העברע־אישער זאָץ „עבד”, איז ניט קיין שאנד נאָמען. דאָס איז ניט דער זעלבער באגריף וואָס דער וואָרט „שקלאַף”. אויך דער הייליג־סטער און גרעסטער אונטער אונז משה רבינו אַליין, איז באַ־

צייכענט מיט דעם טיטול עבד ה׳. די תורה איז דורכגעדרונגען פון גייסט, פון גערעכטיגקייט, פון רחמים. זי קימערט זיך פאַר די אָרימע און אונטערדריקטע, פאַר די נידעריגע שיכטען, איהר ארבייטער־געזעצגעבונג איז אן אידעאל, וואס אונזער געזעלשאפט מיט איהרע סאציאליסטישע דעפוטאטען און ארבייטער האָבען ניט דערגרייכט.

אָט אזוי זיינען פאר דעם קליינעם מדבר פאָלק נאָך מיט טויזענדער יאהרען צוריק פאָרמולירט געווארען געזעצען אויף אלע געביטען פון מענשליכען לעבען די באַציאונג פון מענש צו מענש, פון מענש צו פאמיליע, צו דער געזעלשאפט, צו דעם גאנצען מענשליכען מין, פון דער מענשהייט צו גאָט, דעם אויפזעהער פון דעם מענשליכען גליק.

אין מדבר זיצט נאָך דאָס פאָלק, די זון ברענט איבער זיין קאָפּ ווי א פייער דאָס זאמד אונטער זיינע פיס — ברענענדע קוילען וויסט און לעהר איז ארום איהם, פון שלאנגען און עק־דעשען די ערד פארפלייצט: ער האָט נאָך קיין לאנד, קיין שפאן ערד, אָבער א קאָנסטיטוציע שאפט עס! א געזעצגעבונג, וועלכע זאָל זיין צוגעפאסט פאר זיין ארט פיהלען און דענקען, וועלכע זאָל זיין דער אויסדרוק פון זיין נשמה; געזעצען וועלכע זאָלען איהם מיט דער אייביגקייט פארבינדען. א קאָנסטיטוציע וועמעס סטאטוטען עס זאלען זיין „חסד משפט וצדק״, און אָט די פאָהן זאָל ער פון זיינע הענד קיין מאָל ניט ארויסלאָזען.

אייביג, אייביג זאָל ער זיין טרעגער זיין פאר דער גאנצער וועלט.

„וארשתיך לי לעולם, וארשתיך לי בצדק ובמשפט ובחסד וברחמים, וארשתיך לי באמונה וידעת את ד׳״.

# אונזער נצחון.

ווען מיר זיינען אין דער אידישער גאס געקומען, און די בשורה פון ציון געבראכט, האבען מיר פאר זיך געהאט זעהר א שווערע אויפגאבע.

וויסט און לעהר, מיט זומפען פון געלען פיבער באדעקט, איז געווען אונזער לאנד, און דערצו אונטער דער הערשאפט פון דער ארימער ווילדער טערקיי.

דאס אידישע פאלק צוריסען אויף שטיקער, צואווארפען אין אלע לענדער, צווישען אלע פעלקער, רעדענדיג אלע שבעים לשונות, און צום אומגליק זיין גרויסער טייל פארזונקען אין מ"ט שערי האסימילאציע ממש ביז פערניכטונג און ענטארטונג.

אין אמעריקא — די ברייטע ניט אידישע וועלט, און אייראפא זיינען געווען דורכגעדרונגען פון דער מיינונג פון אונזערע אסימילאטארען, אז עס איז שוין ניטא מעהר קיין אידיש פאלק, קיין אידישער ווילען, שטרעבען און האפען. און אזוי האבען מיר געדארפט קעמפען אויף דריי פראנטען.

צוצוגרייטען דאס אידישע פאלק, ערוועקען אין איהם זיין נאציאנאלען ווילען, זיין זעלבסטבאוואוסטזיין.

אויפקלערען די ניט אידישע וועלט, אז מיר לעבען, פיהלען, שטרעבען און האפען אויף אונזער בעפרייאונג און אויף דעם

אויפבוי פון אונזער לאנד. און גלייכצייטיג אויך פארברייטען דאָס חרוב און פאַרוויסט לאַנד.

אין אַלע דריי ריכטונגען האָבען מיר געדארפט אנשטרענ־גען אונזערע כחות: צוגרייטען דאָס לאַנד פאַר דעם פאָלק. — דאָס פאָלק פאַר דעם לאַנד, און די עפענטליכע מיינונג פאַר די ביידע.

איך זאָג צוגרייטען דאָס פאָלק? איך פרעג זיך אַליין: וועלכען פאָלק?

א י ד ע ן האָבען מיר געהאט אין אַלע לענדער, אָבער וואו איז געווען א אידיש פאָלק? אונטער א פאלשען ליכטשיין פון עמאנסיפאציע האָבען די אידען אין גאַנץ מערב איירָאפּא אָפּגע־זאָגט זיך פון דעם אַלטען טיטול: „ישראל גוי אחד” „עם עולם”.

ניטאָ קיין אידיש פ אָ ל ק, האָבען ניט אויפגעהערט צו טענה'ען אונזערע זאָגענאַנטע פאַרשטעהער, נאָר דייטשען אין דייטשלאַנד מיט משה רבינו'ס גלויבען, פראַנצויזען אין פראַנקרייך, און אזוי אין די איבעריגע לענדער.

אידען זיינען געוואָרען ענגלענדער, דייטשען, פּאָליאַקען, פראַנ־צויזען, עסטרייכער, און הויך אויף דעם קול אין יעדען לאַנד, האָבען זיי אויסגעשריען, און ביז גועל נפש ווידערהאָלט, אַז זיי זיינען פאַרבונדען מיט אַלע פעדים פון זייער נשמה, מיט דעם פאָלק, צווישען וועלכען זיי לעבען, דורכגעדרונגען פון זיין שפּראַך, אָנגעזאפט פון זיין גייסט, באאיינפלוסט פון זיין ליטעראַטור און פּאָעזיע, זיינען א טייל פון זיין נאַציאָנאַלער עקאָנאָמיק און זיין קולטור, פון זיין זינען או דענקען, פיהלען און שטרעבען.

דייטשען, פראַנצויזען, פּאָליאַקען אויפריכטיגע מיט דעם גאַנ־צען ברען פון פּאַטריאָטיזם, נאָר מאָזאאישען גלויבען, אזוי ווי עס גיבען דייטשען קאַטאָליקען, דייטשען קאַלוויניסטען, דייטשען לוטעראַנער אזוי זיינען זיי דייטשען פון מאָזעס'עם גלויבען, אָבער

הונדערט פּראָצענטיגע, ניין, צוויי הונדערט פּראָצענטיגע דייטשען. איינמאָל איינגעפּרעגט אין זיך דעם פרעמדען נאַציאָנאַלען פאָלקס באַוואוסטזיין, איז ממילא שוין ניטאָ מעהר קיין אָרט אין הארצען פאַר דעם אידישען רגש הלאומי, קיין באַציהונג צו דער אידישער פערגאַנגענהייט, און אַז עס איז ניטאָ קיין אידישער עבר, איז ממילא ניטאָ קיין אידישער עתיד.

די אַסימילאַציע האָט געגראָבען אַ קבר נאָך אַ קבר, געטראָגען אַ מטה נאָך אַ מטה, און אויף שנעל פאַרגראָבען אַלע אונזערע הייליגטיהמער, אונזערע נאַציאָנאַלע אוצרות, זיטען און מנהגים, גלויבען און האָפען, אויסגעמעקט די זכרונות פון ציון און ירושלים פון אַלע אונזערע הייליגע תפלות, וועלכע האָבען צו זיך קיין גלייכען ביי קיין אומה ולשון, און איבערזעצט זיי אין אַלע פרעמדע שפּראַכען דער וועלט, און דערמיט פאַרענדערט זייער אינהאַלט, און אויך פאַרטיפט דעם ריס אין דער אחדות האומה...

ניטאָ מעהר דער זעלבער סדור און די זעלבע תפלה, אויף דער זעלבער שפּראַך, לשון הקדש, אַזוי ווי עס איז געווען ביז דאַן, ביי אַלע אידען אין דער גאַנצער וועלט. נאָר פאַרשיידען זיינען די תפלות, אַזוי ווי עס זיינען פאַרשיידען די שפּראַכען.

און אויך די שוהלען, וועלכע זיינען געווען אונזערע גייסטיגע צענטערען אין גלות — אויף טעמפּלען פאַרביטען, אויף שעהנע, רייכע טעמפּלען, מיט מראַמאָר באַפּוצט, אָבער שעהן נאָר פון דרויסען. פון אינווייניג וויסט און לעער.

מען האָט פון טעמפּעל די שכינה פאַרטריבען, די שכינה, וועלכע פלעגט באַוויינען דעם גלות, איהר פאָלקס, און אייגענעם גלות — שכינתא בגלותא, און מיט איהר געוויין אָנגעפילט יעדען ווינקעל אין דעם אַלטען בית־המדרש אָבער אויך מיט איהר גייסט.

די אַלטע גרויסע שוהל! ווער געדענקט זי ניט?

קאַלט און פרעמד איז געווען די גאַס, פון די הויפן האָבן איהם הינט פאַרטריבען, שווער איז געווען דאָס לעבען, איז דער איד אין זיין שוהל געקומען און זיינע וואונדען פאַרהיילט. דאָ, אין זיין הייליגער היים, האָט ער זיך עראינערט אָן זיין אמאָליגען שטאָלץ, אָן זיין רוהמרייכער פאַרגאַנגענהייט, אָן זיין בית המקדש, אָן זיינע כהנים, לווים, שופטים און סנהדרין. פאַרביי זיינע אויגען זייגען דאָן דורכגעלאָפען יענע גרויסע גליקליכע טעג, ווען ער האָט אין זיין הערליכער לאַנד געלעבט, און פון דער שוהל האָט ער כח געשעפּט ווייטער פאָרטצוזעצען זיין קאַמף און מיט ווירדע און עהרע צו טראָגען זיינע לייד.

די שוהל איז געווען דער מרכז פון דעם אידענס פרייד און לייד, פון וויג ביז דעם קבר.

איז ביי אַ אידען אַ זוהן געבאָרען געוואָרען, האָט ער איהם אין זיין שוהל צום ברית געבראַכט. און אַלע זיינע ברידער פרע־העןן זיך מיט זיין פרייד. האָט ער אַ טאָכטער צו דער חופּה גע־פיהרט, האָט ער זי אין שוהל געבראַכט מיט דער בעטייליגונג פון דער גאַנצער קהלה, וועלכע נעמט אַנטייל אין זיין שמחה. איז אַ איד אַ אבל געוואָרען, איז ער ווידער אין שוהל געקומען — מיט ברידערליכער ליבע געטרייסט געוואָרען. יעדער איד האָט געפיהלט מיט אַלע זיינע חושים, אַז דאָ איז דער „משכן ישראל“, דאָ איז דער „אהל יעקב“, אַזוי ווי די חכמים זאָגען, „מה טובו אהליך יעקב „משכנותיך ישראל“ : „אלו בתי כנסיות ובתי מדשרות“.

דער בית המדרש! דאָס איז דאָך געווען אונזער אַקאַדע־מיע, וואו אונזער שטודירענדע יוגענד, האָט געוועבט די גאָלדע־נע קייט, אין וועלכען מיר האָבען איין דור נאָך דעם צווייטען איבערגענומען בירושה, וואו מיר האָבען פאַרפלאַנצט אין דעם אידישען הארץ די האָפנונג פון ציון און ירושלים, וואו מיר האָ־בען זיך פאַרבאַריקאַדירט קעגען דעם אָנפאַלענדען שונא, וואָס מיר

האָבען געמאכט פאַר אונזער רעזערוואואר פון ליכט און יודענ־טהום, אַט דעם בית המדרש האָט דאָך די אסימילאַציע פאַרוואַנ־דעלט אין אַ קאַלטען, וויסטען, לעהרען טעמפעל, אַ טעמפעל אַ פרעמדען, אָהן דער שכינה, אָהן דעם אידישען צער, אָהן דער תורה, אָהן אידישען גלויבען און האָפען, אָנגעפילט מיט טענער און אַקאָרדען פון אָרגעל, וועלכער שפּילט צו אויפ'ן חורבן פון דער פאָלק'ס נשמה, בעגלייט פון קריסטליכע זינגערינס; וואָס האָבען דעקלאַמירט אונזער „לכה דודי" אונזער „מקדש מלך, עיר מלוכה" רב לך שבת בעמק הבכא" „קומי לבשי בגדי תפארתך עמי", איז דאָס ניט אַ גאַטס לעסטערונג?!!

קריסטליכע זינגערינס און „שבת המלכה"; די הייליגקייט פון אונזער רוה טאָג; קריסטליכע זינגערינס און „שבת שירה", וועלכע האָט אָנגעפיהלט די לופט פון די בערג אַרום „צפת", ווען זיי האָט אויסגעשטראָמט פון דער גרויסער, בענקענדער, דיכטערי־שער געטליכקייט, פון דעם קדוש און מקובל, ר' שלמה אלקביץ — און וועלכע עס איז געוואָרען די טרייסט און בענקשאַפט ליד פון אידישען פאָלק אין זיין הייליגסטען טאָג — אין זיין שבת.

די אסימילאַציע האָט ביי אונז גערויבט אונזער יוגענד. די יוגענד, וועלכער איז ביי אַלע פעלקער דער ציהרונג און שטאָלץ, דאָס ליכט און האָפנונג, דער יסוד און אויך דער בנין, די דאָזי־גע יוגענד האָבען זיי פון אונז אַוועקגערויבט פאַר אַ פרעמדער וועלט.

פרעמדע לעהרער האָבען זיי ערצויגען, און פרעמדע חברים איז געוועזן איהר סביבה. פרעמדע שפּראַכען איהר לשון, און זי האָט ערוואָרבען פרעמדע מנהגים, פרעמדע זיטען ,פרעמדען גלוי־בען און אַ פרעמדען אידעאַל און גאָט... בשעת די אייגענע נאַציאָ־נאַלע שפּראַך, די אייגענע געשיכטע, די אייגענע קולטור האָט זי ניט געלערענט און זי האָט דעם אייגענעם פאָלק'ס זיטען פער־

האסט, און מיט אַ שנאה געפיהל זיך באַצויגען צו אַלעם, וואָס אידיש, און אַזוי איז אויסגעוואָקסען אַן אינטעליגענץ אַ פרעמדע, אַ ווייטע פון אונז און פון אונזער אידיש לעבען.

אינטעליגענץ, מענשען מיט בילדונג, מיט וויסען, מיט ליכט, מיט מאכט, וועלכע האָבען געבראַכט גליק און גדולה פאַר אַלע־מען, האָבען פאַר אונז געבראַכט ערנידערונג און אונזער עלענד לעבען נאָך עלענדער געמאכט. אין אונזער אַנטלויפענדער אינ־טעליגענץ האָבען דאָך די שונאי ישראל געזעהן אַ באַשטעטיגונג אויף זייער באַשולדיגונג: אַז אַ אינטעליגענטער מענש קאָן אין אַ אידישער געזעלשאַפט ניט לעבען...

אונזערע גאונים און טאַלאַנטען, אונזערע קינסטלער און פאָר־שער האָבען רייך געמאַכט די וועלט. וואו און אין וועלכע געביטען באַגעגענט איהר זיי ניט? פאַרטיפט אידעען, פאַרשעהנערט, פאַר־איידעלט אַלע שפּראַכען, געשלייפט אַלע סטילען, געגעבען פאַר פאַר־לאַמענטען גאַט־געבענשטע פיהרער, סענאַטאָרען פאַר פאַרשידענע סענאַטען, מיניסטאָרען און פרעמיערען, אָבער די דאָזיגע גרויסע און גרויס געוואָרענע האָבען פון אונז געווייכט. גאַנץ אָפט דעם אידישען נאָמען, צוזאמען מיט דער אידישער אָפּשטאַמונג געליי־קענט...

איז נאָך גרעסער אונזער טרויער געוואָרען, נאָך טיפער אונ־זער וואונד, נאָך שאַרפער אונזער חרפה.

מיר האָבען אונזערע גאונים, אָבער זיינען ניט אויף אונזער רעכענונג פאַרשריבען, און ניט פאַר אונזער עהרע און שטאָם...

די שרעקליכע קללה פון דער תוכחה: „בניך ובנותיך נתונים לעם אחר“ איז מקוים געווארען אין איהר גאַנצער אכזריות. דיינע זיהן און דיינע טעכטער אוועקגעגעבען צו פרעמדע פעלקער. „והיו עיניך רואות וכלות“ — און דיינע אויגען וועלען דאָס זעהן און אויסגעלאָשען ווערען פון יסורים.

אזוי האָט די אַסימילאַציע זיך אַריינגעריסען אין אונזער אָרימען פינסטערען אידישען לעבען, און איהרע פאָרשטעהער זיי־נען אויך אונזערע געוואָרען. זיי האָבען גאַנץ אָפט געטאָן אונז כלומרשט טובות, געבויט צדקה־אַנשטאַלטען, תלמוד תורות פאַר אָרימע קינדער, שפיטעלער פאַר אָרימע קראַנקע, און דערמיט פאַר־שטאַרקט זייער אויטאָריטעט אויף דער אידישער גאַס. געוואָ־רען אונזערע מנהיגים, און דערפאַר גאַנץ אָפט אויך באַקומען מע־דאַלען און טיטולען פון די רעגירונגען... און אידען האָבען זיך נעבעך געפרעהט מיט די אידישע גדולים, וועלכע טוען פאַר זיי אזוי פיל. די בעקאַנטע אידישע דאַנקבאַרקייט! און ווער האָט עס דען זיך ערלויבט צו שטעלען געגען די פאַלק'ס פאַרזאָרגער, די טאָן־געבער, די וואָרטזאָגער, וועגווייזער און בעלי טובות? און ווער האָט דאָס געוואַגט צו זאָגען אַ וואָרט געגען יענע מנהיגים אין וועמענס הענד עס זיינען איבערגעגעבען געווען אַלע קהלה ענינים?

די דאָזיגע בעליטובות האָבען געהאַט צוויי מאָסען. פאַר ניט אידען האָבען זיי געבויט פאַבריקען, וואו עס האָבען געאַרבייט טויזענדער אַרבייטער, געקראָגען פּרנסה בהרחבה און זיינען גע־ווען זאַט און געזונד!.. בשעת פאַר אידען האָבען זיי געבויט שפּיטעלער, וואו זיי קענען קרענקען.

פאַר אונזערע קינדער האָבען זיי געבויט תלמוד תורות פינ־סטערע אָהן ליכט און אָהן וויסען, וועלכע האָבען זיך בענוגענט מיט אַ ביסעל צוברעכענע עברי און קדיש זאָגען.

פאַר די ניט אידישע קינדער, ליכטיגע, ציכטיגע, מאָדערנע האַנדעלס־שוהלעס און גימנאַזיעס...

און די זיינען דאָס געווען אונזערע בעלי טובות אין דער אידישער גאַס!... זיי, וואָס האָבען דאָך פאַרניכטעט אידישקייט אויף יעדען שריט און טריט, חרוב געמאַכט דעם אידישען שבת און יום טוב, און זיך צו אונזערע אַלע הייליגטימער בעצייגען מיט

הפקרות־גייסט. זיי, וואָס האָבן די אידישע מאַסן איבערגע־לאָזן אָהן אידישע ערציהונג, אָהן אידישען וויסען, די אידישע בעלי מלאכות, די אידישע אַרבייטער, וועלכע זיינען אַלע מאָהל געווען פאַר׳עקשנ׳טע קעמפּער פאַר אידישקייט, פאַרוואָרצעלט מיט יעדען אידישען מנהג מיט איין געפיהל. — די דאָזיגע מאַסען זיינען אונז ווי פרעמד געוואָרען און האָבן מעהר ניט געפונען קיין פרייד און אינטערעס אין אידישען לעבען.

דער נאַציאָנאַלער חורבן מיט זיין גאַנצער גרויזאַמקייט איז געקומען: די אידישע אַרבייטער, די אידישע מאַסען מיט זייער פיהלענדעס הארץ האָבען זיך אריינגעשליידערט אין די אָרעמס פון אַלערליי רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען, וועלכע האָבען געבראַכט נייע סאָציאַלע לאָזונגען, וועלכע זיינען געקומען פון דער פרעמד, אָבער אין וועלכע זיי האָבען דערהערט אַן עכאָ, אַן אָפּקלאַנג פון די אַלטע, און אייביג נייע נביאישע אידעען פון מענשליכער בע־פרייאונג, וועגען וועלכע זיי האָבען געהערט אין בית המדרש, אין הויז, צעהנדליגער טויזענטער קעמפער זיינען פאַר אונז פאַר־לאָרען געגאַנגען, אין די ווילדע סטעפּעס פון סיביר, פאַרשמיסען געוואָרען פון קאָזאַקען, אויסגעגאַנגען אין די גרויסע טורמעס פון דער פינסטערער צארישער הערשאַפט. פינסטער איז געווען אונזער גורל, עלענד זיינען מיר אין דער אָרימער אידישער גאַס געבליבען, איין טאָג ערגער פאַר דעם צווייטען, אַלע אָהן ליכט און האָפנונג, אָהן טרייסט און אָהן צוקונפט; אָהן יוגענד, אָהן אַ אידישער אינטעליגענץ, אָהן די אידישע מאַסען.

האָט אָבער גאָט אַ קליין הייפעל אידען פאַר זיינע הייליג־טימער, אין די ישיבות פון ליטא, אין די בתי מדרשים פון אוקראַי־נא, אין די חסידים שטיבלאַך פון פּוילען באַהאַלטען, פון וועלכע די ישועה האָט געדאַרפט קומען.

דאָרט אין די ישיבות און בתי מדרשים האָבען זיי געלעבט און זייער טרוים געוועבט. אַ אידישע אַריסטאָקראַטיע, אַ אידי־

שע אינטעליגענץ דערצויגען, אַן אינטעליגענץ, וועלכע איז געווען דורכגעדרונגען מיט דער אידישער תורה, מיט אידישער מאָראַל, מיט אידישער עטיק, אידישער בענקשאַפט און האָפען, אַן אינטע־ליגענץ וואָס האָט זיך דערצויגען אויף נבואה און אגדה, משנה און הלכה, אויף דער ברייטער שאַרפזיניגער און טיפער אידישער לי־טעראַטור, און זיך פאַרפאַנצערט מיט גבורה און מסירות נפש גרייט אויף קדוש השם. אַריינגעזאַפּט אין זיך דעם אידישען טרויער און צער פון דורות אין דעם וועלט שמערץ. אַן אינטעליגענץ, וואָס איז געווען צוגעבונדען מיט אונפערגלייכליכער ליבע און טרייהייט צו אַלע הייליגע טראַדיציעס פון אידישען פאָלק׳ס לעבען, די דאָ־זיגע אינטעליגענץ איז אויפגעקומען מיט דער נייער בשורה, לאַ ברעש, מיט אַ טרייער מוטערהאַנד האָבען די נייע גדולים און טאַלאַנטען פון אידישען אַדעל, פאַרזעהט אויף די בייטען פון דעם אידישען הארץ גאולה קערענדלעך פון וועלכע עס איז אויסגעוואַק־סען דאָס ווערק פון די חובבי ציון אין אַלע איהרע ריכטונגען און צווייגען.

די איירעלסטע זיהן פון אידישען פאָלק, האָבען זיך צונויפ־געקליבען אַרום דער בלוי און ווייסער פאָהן, וועלכע זיי האָבען אויפגעהויבען הויך איבער זייערע קעפּ, טראָגענדיג איהר פון שטאָט צו שטאָט און גערופען זייערע ברידער צו אַ זעלבסטשטענדיג נאָר־מאַלען לעבען אין דעם לאַנד פון די אבות, און אומעטום וואו אי־דען לעבען האָט דערגרייכט זייער רוף:

האָבען מיר דען אומזיסט דורות און דורות אַזוי שווער און ביטער געקעמפט אויף אונזער גרויסען מאַרטירער גלות־וועג?

צוליב וואָס האָבען דאָס אונזערע פאָטערס שטענדיג און אומע־טום אַזוי פיל בלוט פאַרגאָסען?

צוליב וואָס האָבען דאָס אונזערע טרייע מוטערס אַזוי העל־דיש זיך פאַרטיידיגט, מיט פרייד געלאָפען אין פייער, מיט די אייגענע הענד דעם האַלז איבערגעשניטען און געמאַכט אַ ברכה

אויף דער שחיטה, כדי ניט אַריינצופאַלן אין די טמא׳דיגע הענד פון ערלים?

האָבן מיר דאָך פיר הונדערט יאָהר, פון עלפטען ביז׳ן פופ־צעהנטען יאָהרהונדערט אָהן אויפהער געבלוטיגט און דורכגעלי־טען די אַלע קרייצצוגען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען אויף אונזער לייב, אויף אונזער געביין. עדות זיינען די בית עלמינס, וועלכע זיינען געדיכט פאַרזעהט, מיט קברים, פון אונזערע גבורים און קדושים, וואָס זיינען געפאַלען אויף די פעלדער פון גאַנץ מערב אייראָפּאַ; עדות אויף אונזער ק ד ו ש ה ש ם! און מיר, זייערע אייניקלאַך, וועלכע האָבען איבערגעלעבט אַלע שחיטות און פּאָגראָמען, זיך געבאָדען אין בלוט און טרעהרען אין אַלע לענדער צווישען אַלע פעלקער, זאָלען מיר אַנטלויפען פון דער מחנה?!.. זאָלען מיר די פאָהן לאָזען פאַלען פון אונזערע הענד?

ניין! — האָט די אינטעליגענץ געענטפערט. — מיר ווילען דאָס פאָלק ניט לאָזען אונטערגעהן! לאָזען שטאַרבען! אונזער פאָלק דאַרף און קען לעבען, מיר האָבען אין אונזער צוויי טויזענד יאָהריגער מאַרטיראָלאָגיע באַוויזען דאָס רעכט דערצו. מיר הויבען אויף דאָסניי אָן מיט אונזערע אַלטע כלי זיין: מיט אונזער אויסדויער, אונזער טרייהייט, צוריק צו אונזער לאַנד, וועלכע וואַרט אויף אונז, צוריק צו אונזער תורה, צו אונזער בטחון, צו אונזער מאָראַל און עטיק, צו אונזערע נאַציאָנאַלע הייליגטימער, צו אונזער זעלבסטבאַוואוסטזיין, צוריק צו אונזער עבר, אויף וועלכען מיר וועלען בויען אַ ליכטיגען עתיד, אויף דעם יסוד פון אונזער קול־טור און אונזער שפּראַך, וואו עס וועלען זיך ענטוויקלען אונזע־רע פעהיגקייטען, אונזערע כשרונות, אונזערע גאונים און טאַלאַנ־טען, וואו מיר וועלען געפינען אַ מקום מנוחה, ברויט און אַרבייט פאַר אונזערע מידע אַרבייטסלאָזע, פרייהייט און זעלבסטשטענ־דיגקייט פאַר די היימלאָזע וואַנדערער!

אַ סוף צו וואַנדערען פון איין קולטור אין דער אַנדערער, פון

איין שפראך צו דער צווייטער, פון איין לאנד אין דער אנדערער, אהן ברויט און אהן פרייהייט, און אומעטום זיין די אומגליקליכע פון אלע אומגליקליכסטע. היימלאז און שוצלאז, בערויבט און צע־טראטען פון אלע ווילדע בעסטיעס, א סוף און אויך אן אנהויב — מיר זאלען אויפסניי אויפבויען אונזער לאנד פאר אונזער גאנ־צען פאלק, פאר אלע זיינע קינדער.

ווי ליכטיגע שטערען אין א פינסטערער נאכט האט די נייע בשורה באלויכטען דעם פינסטערען גלות.

א שטראם פון נייעם לעבען האט זיך צוגאסען איבער דעם אידישען תחום, און מיט זיך געבראכט פרייד, גלויבען און האפ־נונג, אין אלע פארוואָרפענע ווינקעלעך, און עס האט גענומען וואקסען אונזער נאציאָנאלער שטאלץ, אונזער נאציאָנאלער גע־פיהל, אונזער נאציאָנאלער שכל, אין די מחנה פון קעמפער איז געווארען אלץ גרעסער און שטארקער, עס האבען זיך באוויזען נייע טרוימער, דיכטער, שריפטשטעלער, דענקער, וועלכע האבען פארטיפט אונזערע פראבלעמען, רייך געמאכט אונזער זינען און דענקען, אנגעפילט דאס אידישע הארץ, מיט זעלבסטבאוואוסטזיין און אכטונג, ערוועקט דאס בענקשאפט און האפען, און אויפגעלעבט אונזערע אלע אוצרות אין דער נאציאנאלער העברעאישער שפראך.

עס איז געווען א שעהנע הקדמה. עס האט נאך געפעהלט דאס ספר אליין, עס איז געווען דאס פארגעפיל אז עס וועט זיין א שעהן ספר. עס זיינען געווען פילע שעהנע געשטאלטען, אבער נאך געפעהלט דער איינציגער, די צענטראלע פיגור. מען האט געפיהלט אז דאס איז נאר א פארברייטונג, און פלוצלונג האט ער־שיינט דער משיח איד, משכמו ומעלה׳דיג, הוד מלכות׳דיג, דער אונגעקרוינטער קעניג, דער תיאודור הרצל.

זעקס און דרייסיג יאהר האט ער געלעבט אין דער פרעמד.

רייך געמאַכט די דייטשע שפּראַך און ליטעראַטור, איז געווען געאַכטעט און באַריהמט אומעטום, מיט ענטוזיאַזם געוואָרען באַגעגענט, און געווען ווייט פון זיין פאָלק און זיינע ברידער, ווייט פון זיינע ליידען און פריידען.

פּלוצלונג, אין אַ העלען פריהמאָרגען, זיינען צוריסען געוואָרען די טויזענדע פעדים וועלכע האָבען איהם מיט דער פרעמדער וועלט פאַרבונדען, צובראָכען איז געוואָרען ווי גלאָז זיין איינגעשטעלטער לעבענס גאַנג, ער צורייסט מיט די הענד זיינע באַציהונגען מיט דער גליקליכער געזעלשאַפט, ווי אַ שטיקעל פּאַפּיר, און קומט אין דער אידישער אומגליקליכער פינסטערער גאַס, צו זיין עלענדען פאָלק, ברענגט איהם זיין גאַנץ ווערזען, פיהלען און דענקען.

אין זיין ווערק „די אידישע מדינה" האָט ער אָנגעצייכענט אַ פּלאַן פאַר דער אידישער ווידערגעבורט, און דאַן געוועבט אַ פאָדים צו אַ פאָדים, געזוכט איין קראַפט נאָך דער צווייטער, געבראַכט צו הילף פאַר דעם גרויסען הייליגען ווערק, דעם גאון, דעם מענשען־ליעב, דר' מאקס נורדוי, און גענומען זיך צו גרויטען די בימה פאַר דער גרויסער געשעהעניש.

ער אַליין איז געלאָפען פון איין מיניסטעריום צום צווייטען, פון איין קעניג צום אַנדערען, פון איין רעדאַקציע אין דער צווייטער, פון איין שריפטשטעלער צום אַנדערען, פון איין געזעלשאַפט צו דער צווייטער, און אומעטומאויפגעקלעהרט די אידישע טראַגעדיע, וועלכע איז אין תוך אַ וועלט־טראַגעדיע, די אידישע פראַגע, וועלכע איז ניט נאָר קיין אידישע, נאָר אַן אַלגעמיין מענשליכע, די ערלייזונג פון אידישען פאָלק מיט וועלכער עס וועט קומען אויך די ערלייזונג פון דער גאַנצער מענשהייט. די וועלט וועט דאַן בעפרייט ווערען פון דער גרויסער פּלאָג — אַנטיסעמיטיזם, — וועלכע פאַרגיפטעט די אַטמאָספערע, וועלכע פאַרשטריקט אין

איהר נעץ געלערטע, פּאָליטיקער און פיהרער, פּראָפעסאָרען און סטודענטען, פארפעסטעט די פרעסע און דאָס לעבען, און רואינירט די געזעלשאפט, די עקאָנאָמיע און קולטור. ער ווייזט אָן אויף דעם דאמאקלעס שווערד, וואָס הענגט איבער אייראָפּאַ׳ס קאָפּ צוליב דעם נאָהענטען מזרח, און דערמאָנט אַז מען וואָלט דעם קריג קענען אויסמיידען, ווען מען זאָל אונז דאָס לאַנד אָפּגעבען, און ווען דער קריג מוז קומען, זאָל מען ניט פארגעסען אומצוקערען די גזלה צו דעם נגזל, דאָס אידישע לאַנד צום אידיש פאָלק.

ער האָט אַכישוף־שליסעל אין זיינע הענט, צו עפענען פאר איהם אַלע פארשלאָסענע טירען. מיט עהרפורכט האָבען איהם אַלע מאַכטהאָבער אויסגעהערט, זיי האָבען אין איהם דערקענט דעם גרויסען פאָלקס פיהרער, וואָס טראָגט אין זיך דעם אידישען צער און לייד, און אויך זיין האָפנונג — דער טרעגער פון אַן אידעאַל פון דורות, — און אַלע זיינען אונטער זיין צויבער געפאַלען. און ער האָט אַ טריבונע געשאַפען, אַ וועלט־בימה, פון וועלכער זיין פאָלק זאָל קענען הויך און אָפען פאר דער גאַנצער וועלט אויפהויבען זיין שטים און פראָטעסטירען געגען אַלע אומרעכט, וועלכע מען באַגעהט געגען איהם אין אַלע לענדער, און פאָדערען פאר זיך זיין באַפרייאונג און זיין לאַנד.

אַ טריבונע, פון וועלכער עס זאָל פראָקלאַמירען פאַר דער גאַנצער וועלט, אַז עס לעבט און וויל לעבען! אַז עס וועט קיינמאָל ניט אויפגעבען זיינע האָפנונגען אויף זיין מדינה אין דעם לאַנד פון זיינע אבות.

אַ טריבונע, פון וועלכער עס זאָלען אָפּגעלייקענט ווערען די אַלע ליגנענס, אַז עס איז ניטאָ מעהר קיין אידיש פאָלק, קיין אידיש קולטור, קיין אידישער ווילען און שטרעבען; די שקרים, וואָס די פארברעכערישע פאַרשטייער האָבען וועגען איהם פארשפרייט — ער האָט גערופען דעם ערשטען קאָנגרעס.

הויך און מוטיג האָבען ערקלערט די קינדער פון ישראל

אויף יענעם ערשטען קאָנגרעס אונזער הייליגען ווילען צו קומען צוריק צום באָדען פון די אבות, צוריק צום אַקער־אייזען, מיט וועלכען זיי ווילען באַלעבען די פעלדער פון יהודה און גליל; צוריק צו אונזער לאַנד, וואו מיר ווען לעבען אונזער אייגענאַרטיגעם לעבען.

ווייט, ווייט איבער דעם גאַנצען ערד־קוגעל האָט זייער שטים צוטראָגען אונזער ברענענדען שמערץ, און ווי מיט פייער־שפּיזען געברענט די פאַרברעכערישע אַסימילאַציע, און אויפגע־טרייסעלט די אידישע מאַסען. און די אידישע אינטעליגענץ, בלויז אַכט יאָהר, האָט זיין ליכט פאַר אונז געשיינט. אָבער די אַכט יאָהר זיינען געוועזן אַכציג, ווען מען באַטראַכט וואָס ער האָט אין זיי אויפגעטאָן פאַר אונזער ציעל.

עס האָט צוערשט אויפגעטרייסעלט די וועלט צו באַגרייפען אונזער טראַגעדיע, האָט פאַרטיפט דעם נאַציאָנאַלען באַוואוסט־זיין, אויפגעוועקט אונזער נאַציאָנאַלען שטאָלץ, געשאַפען אַ אידישען פאַרלאַמענט, אַ וועלט־טריבונע, געשאַפען די אַלוועלט־ליכע אידישע פאַראייניגונג, די נאַציאָנאַלע דיסציפּלין, און צו דער זעלבער צייט אויך די אינסטרומענטען פאַר דעם אויפבוי פון אונזער לאַנד; בענק, נאַציאָנאַל פאָנד, און צוגעגרייט די אַלוועלטליכע עפענטליכע מיינונג פאַר אונזערע האָפנונגען און שטרעבונגען.

ניט אַנדערש ווי נאָר איבערמענשליכער כח האָט דאָס אַלץ געטאָן! מן השמים נלחמים לו! דען שטעלט זיך נאָר פאָר, וואָס וואָלט מיט אונזער האָפנונג געשעהן, ווען דער וועלט־קריג ברעכט אויס מיט יאָהרען צוריק, ווען מיר האָבען ניט געהאַט קיין אָרגאַניזאַציע, קיין אַקציאָנס קאָמיטע קיין פאָרשטעהער, קיין פאַרטיידיגער.

ווער וואָלט דאַן פאָדערען באַפרידיגונג פאַר אונזער פאַר־גאָסען בלוט? ווער וואָלט ביי די פרידענס אונטערהאַנדלונגען

אין ווערסאַיל, אין סאַן רעמאָ, פאָדערן אונזער רעכט, אונזערע פאָלקס־רעכט אויפצובויען אונזער לאַנד?

די פאָרשטעהער פון דער אַסימילאַציע? — זיי וואָלטען דאָס אונז פאַרטראָטען?

האָט איהר פאַרגעסען די גרויסע טעג אין דער געשיכטע, ווען אין יאָהר 1815 האָט דאָך נאַפּאָלעאָן געוואָלט אונז געבען ארץ ישראל, אָבער די אידישע פאָרשטעהער האָבען זיך אַנטזאגט עס צו נעהמען, ערקלערענדיג אַז זיי זיינען פראַנצויזען און דייטשען און אַז. וו.? און אין 1873, ווען די ליכטיגע קאָפּ פון ביקענספעלד דיזראַעלי האָט אויף דעם בערלינער טראַקטאַט פאָרגעלייגט אָפּצוגעבען פאַר אידען ארץ ישראל, און אונזערע מכלומרשטע פאָרשטעהער, די גרויסע אידישע קאָרפּען־קעפּ פון בערלין וויען, פאַריז לאָנדאָן האָבען זיך פון דעם אַנטזאגט?

ווען ניט פינף און צוואַנציג יאָהר ציוניסטישע פאָרבאַרייטונג ווער וואָלט געהערט אונזער שטים? ווער וואָלט דערפיהלט דעם אידישען צער און טרויער? דען אַפילו אויך יעצט, נאָך דער אידישער אָנשטרענגונג פון אונזערע בעסטע זיהן, האָט דאָך די פאַרברעכערישע אַסימילאַציע געוואַגט אָנצואווענדען אַלע קרעפטען אום צו שטערען אונזער פּלאַן, אום צו צוברעכען אונזער פראָנט, און געפאָדערט פון די פעלקער ניט צו אַנערקענען אונזער פאַרלאַנג צו געבען אונז דאָס רעכט, צו שאַפען אונזער נאַציאָנאַלע היים אין אונזער לאַנד.

עס איז זיי אָבער דאָס מאָל ניט געלונגען. דאָס שליחות פון די אויסדערוויילטע קינדער פון אונזער פאָלק איז אַנערקענט געוואָרען, און דער גרויסער טייפעלשער כח פון דער אַסימילאַציע איז געבראָכען געוואָרען. די פינף און צוואַנציג יאָהר ארבייט זיינען ניט אַוועק אומזיסט. אונזערע קרבנות האָבען געהאַט זייער פעולה, ווייל אונזער אידעאַל איז אַנערקענט געוואָרען פון דער אַלוועלטליכער דעמאָקראַטיע; אונזער נאַציאָנאַלע

פּראָגראַם האָט געקראָגען די צושטימונג פון אַלע דענקענדע און פיהלענדע מענשען צווישען די פעלקער, און אַזוי איז אונז בעזרת השם, געלונגען דורכצופיהרען אונזער שיפעל דורך די אַלע כוואַליעס פון די פאַרשידענע לאַזונגען און סאָציאַלע ריכטונגען, און ברענגען עס צו אַ זיכערען ברעג, איז אונז געלונגען צו פייערען אַ נצחון אויף אַלע פּראָגנטען, אַרויסגע־טריבען די אַסימילאַציע מיט אַלע איהרע בייזע און ווילדע פאָרמען פון דער אידישער גאַס, אין דער זעלבער צייט איז אונז געלונגען פאַרצובריטען דעם באָדען פון אונזער לאַנד. מיר האָבען געטריקענט זומפּען, פאַרטריבען קראַנקהייטען, גע־זינטער געמאַכט דעם קלימאַט, אויסגעלייגט וועגען, שאָסעען, פאַרבויט און פאַרפלאַנצט וויסטע שטרעקען פאַרשפּרייט איבער דעם לאַנד אַ שוהל־נעץ און אויפגעלעבט אונזער הייליגע שפּראַך, געמאַכט זי די שפּראַך פון קינדער־גאָרטען ביז דער מיטעלשול און אוניווערסיטעט, אויסגעפּאָרשט יעדען ווינקעל, יעדען שטיקעל באָדען, און געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר אַ נייעם אידיש לעבען, און אָנגעהויבען שמידען אונזער גליק דורך די צאָהלרייכע ערצויגענע מחנות פון מוטיגע זיהן און טעכטער, אייניגע פון וועלכע שטעהען אויף די פעלדער פון אונזער לאַנד, האַקען שטיינער, גראָבען גריבער, פלאַנצען בוימער, אַקערען, זייען, שניידען, און פילע זיינען גרייט נאָך צו קומען.

היינט איז אונזער נצחון געזיכערט! עס איז גאָט׳ס ווילען: היינט איז ניטאָ מעהר קיין קראַפט, וועלכע זאָל קענען אונז שטויסען צוריק. מיר זיינען אויף דעם מאַרש צו דער ענדגילטיגער גאולה, וואָס וועט קומען אַלס רעזולטאַט פון אונזער נצחון, וואָס איז אַ נצחון פון גערעכטיגקייט, פון אמת, פון פרייהייט פאַר אונזער פאָלק און פאַר דער גאַנצער מענשהייט.

# די האָפנונג פון צפת.

ווייט אין צפון פון ארץ־ישראל אויף א פליגעל פון די בערג וועלכע רופען זיך מיט דעם נאָמען „הרי כנען", צווישען די בערג פון „נפתלי", שטעהט איינזאם די אלטע קהלה צפת. אין א סביבה פון הערליכקייט און גאָט'ס צויבער, ייעלכע קאָן געדע־כענט ווערען פאר איינע פון די וואונדער־פלעצער, וואס די נאַ־טור פארמאָגט, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכען אין איהר פראכט און שעהנקייט.

א בליק צו דרום, און פאר דיר איז דער „כנרת", און הויבסט אויף דיין אויג, און פאר דיר אנטפלעקט זיך דער גאנצער גליל התחתון מיט אלע זיינע בערג און טאָלען, און אין מיטען זיי דער בן־יחיד, דער תבור, מיט זיין אייביג ליד; צו צפון באגעגענען דיינע אויגען דעם גרייז, דעם חרמון, וועלכען זעהט אוים ווי א כהן־גדול מיט זיין אייביג ווייס־באדעקטען קאָפּ פון שניי; צו מרעב קוקט צו דיר דער ריזען־בארג „עצמון", וועלכער חבר'ט זיך מיט „מירון" פון איין זייט און די בערג פון גוש חלב פון דער צווייטער זייט; און פון יעדען ווינקעל קוקט ארוים א באַ־זונדערער חן, וואס פאר'כישופ'ט און באגייסטערט דעם צו־שויער.

---

*) געדרוקט אין „דאָס אידישע פאָלק" אין 1925.
פון דאַן אָן איז דאָרט די לאַגע פיל ערגער געוואָרען.

און אַט די קהלה האָט נאָך זינט די אַלטע צייטען פאַרבאַרי־קאַדירט אין זיך די פעסטונגען פון די הייליגע ישיבות פון די גאונים ר׳ יצחק קארא, ר׳ יוסף קארא און ר׳ משה מיטראני; דורכגעדרונגען מיט אַ קוואַל פון מוסר, וועלכער איז געפלאָסען פון די דרשות פון ר׳ משה אַלשיך און ר׳ שמואל אוזידה; אויפגע־הויבען זיך צו אַ הימעל־וועלט פון מלאכים דורך די קבלה פון די מקובלים ר. משה קארדאווערא און ר׳ שלמה אַלקבץ, און באַ־גייסטערט פאַרזונקען אין די לידער פון ר׳ ישראל נאַגאַרא; נעבויט פעסטונגען אין אַסטראָנאָמיע, אַלכעמיע פון ר׳ חיים ווי־טאַל, ר׳ יצחק לוריא און פילע אַנדערע גייסטיגע העלדען. און פון דאַן אָן איז קיינער ניט אימשטאַנד געווען איהר חרוב צו מאַכען און זי איז בייגעשטאַנען אַלע אומגליקען פון אַלע ציי־טען.

רויבער־באַנדעס זיינען איהר באַפאַלען; מגפות און ערד־ציטערנישען האָבען אויף אַ ווייַלע אַלץ פאַרניכטעט; אָבער באַלד איז אויסגעוואַקסען פון אונטער די חרבות אַ נייע קראַפט, וועלכע האָט ווידער די צפת׳ער קהלה אויפגעבויט.

און אַזוי איז צפת געווען אַ דור נאָך אַ דור דער צענטער פון צפון ארץ־ישראל, אַרום וועלכען עס האָבען זיך קאָנצענ־טרירט די גאונים פון אַלע צייטען און „אדירי התורה והקבלה״. אַזוי אויך דער איצטיגער אַלטער און נייער ישוב, ווי ראש פנה, משמר הירדן, יסוד המעלה, מטולה, מחנים, אילת השחר, תל־חי, כפר גלעדי — וועלכע האָבען זיך געבויט מיט אונגעהייערער גבורה און מסירות נפש, אָבער אויך ביי דער זייט און מיט דער הילף פון דער צפת׳ער קהלה.

נאָך פאַר דעם בלוטיגען קריג האָט צפת פאַרמאָגט העכער פון 10 טויזענד אידישע משפחות מיט 45 בתי־מדרשים און שוהלען, גרויסע און קליינע, מיט פאַרשידענע כוללים און חלוקה, אָבער אויך מיט אנשטענדיגע געשעפטען, פון וועלכע זיי האָ־

בען געצווינגען זייער חיונה בכבוד. און געלעבט האָבען זיי אַלע גליקליך מיט שטאָלץ און כבוד. די אומגליקליכע מלחמה האָט אָבער אַלעס צובראָכען. אַפּגעריסען זיינען צפת'ער אידען געוואָרען פון דער וועלט און אפילו פון ארץ־ישראל, דאָס הייסט פון יהודה. האָבען זיי זיך שוין העלפען ניט געקענט און זיינען איינ־פאַך פון הונגער געשטאָרבען; זיי האָבען א קבר נאָך א קבר געגראָבען, א מטה נאָך א מטה געטראָגען און אונגעהילט אין א טרויער־שלייער איז צפת יאָהרען געווען. יאָמער און טרויער האָבען אָנגעפילט איהרע פרעהליכע געסלאַך און דער שרעק און אין אימה פאַר דעם שפּאַצירענדען מלאך המות האָט זי געפיהלט אין יעדער הויז.

ביז 4 טויזענד קרבנות זיינען פון דער וועלט אוועק בלויז אין איין יאָהר תרע"ח; צוויי טויזענד נייע קברים האָט מיר ר' יצחק שמש געוויזען אויף דעם הייליגען בית־קברות. און די איבעריגע זיינען זיך צולאָפען וואו די אויגען האָבען זיי גע־טראָגען.

נאָך מיט פינף יאָהר צוריק, ווען איך בין געקומען אין צפת, האָבען דאָרט העכער 4 טויזענד נפשות געלעבט. היינט איז פאַרבליבען פון דער בליהענדער גרויסער קהלה א קליין הייפעל פון 2,500 נפשות, צווישען וועלכע עס געפינען זיך הונדערטער יתומים און אלמנות, זקנים און זקנות.

גאַנצע גאַסען זיינען חרוב געוואָרען. א שוידער איז מיר אריבער זעהענדיג דעם ערשטען מאָל די חורבות פון צפת. הייזער און מויערען — אָהן פענסטער און אָהן טירען, אָהן דילען, די באַלקענס ארויסגעריסען; און א סך הייזער זיינען אינגאַנצען גע־בליבען אָהן באַוואוינער, וועלכע זיינען אָדער אויסגעשטאָרבען אדער צולאָפען. א סך הייזער זיינען חרוב געוואָרען און א סך זיינען פאַרקויפט געוואָרען צו אַראָבער פאַר אַביסעל מעהל אדער אַנדערע שפּייז.

אין דער זעלבער לאגע האָבען זיך אויך געפונען די בתי מדרשים און שוהלען, די מקדשים פון צפת. וויסט און לעער; אָהן טירען, אָהן פענסטער! אין דעם גרויסען חורבן איז ניט געווען ווער עס זאָל זיי אָפּהיטען. פון די 45 שוהלען זיינען נאָר אייניגע פארבליבען — די שוהלען פון „אריה הקדוש", די שוהל פון „ר' יוסף בנאה", אדער ווי זי רופט זיך אין צפת, „דעם ווייסען צדיק'ס", די שוהל פון „ר' יוסף קארו", די שוהל פון „ר' משה אלשיך", די שוהל פון „מהר"י אבוהוב", דער מחבר פון „מנורת המאור" און נאָך אַ פּאָר. אָבער אויך אין די איז שיטער געוואָרען; ניטאָ ווער עס זאָל מתפּלל זיין דאָרט. ווייל ווער עס האָט נאָר געהאַט כח איז אוועק, ווער אין חוץ לארץ און ווער אין אנדערע פלעצער פון ישוב.

ווייל צפת איז געבליבען עלענד און איינזאם, ווייט פון לעבען און פון צענטער, אָהן טרייסט און אָהן הילף. אלעס איז פון צפון אוועק. אפילו די אנשטאלטען פאר יתומים האָט מען אויך אויבערגעפיהרט קיין שפיה, וואס איז ווארשיינליך דער פּאַסענדער אָרט און צענטער פאר די יתומים פון ועד הסיוע, אָבער צפת בלייבט לעדיג און אָרימער.

ווי א ליכטיגער זייל שטראַהלט ארויס פאר צפת'ער קהלה, ווי אויך פאר דעם גאנצען גליל, פאר אידען ווי פאר ניט־אידען דער שפּיטאָל פון „הדסה", וואס געפינט זיך אין דער הערליכער געביידע וואס דער פּאָטער פון ישוב, באראָן ראָטשליד, האָט געבויט. צוויי אידעאליסטען־דאָקטוירים — איינער א כירורג און קינסטלער מיט צאַרטע הענט פון אַ פּאָטער, אַן אמעריקאַנער לעגיאָנער — דר. גערי איז זיין נאָמען געווידמעט פאר הילף צו זיין לאנד און פאָלק. עראיז באַשאָנקען פון גאָט מיט גבורה, געלאַסענקייט, רוהיגקייט, טיפען פארשטאַנד אין זין פאך. פון וואנען קומט מען צו איהם ניט? ! פון ביירוט ביז חיפה ווי פון גליל. אלע, אלע ווייסען שוין ווער גערי איז. און דער צווייטער, דער מעדיקער, דר משה קריגער — א דזשענטעלמען

מיט דעם גאנצען גלאנץ, מיט אויסערגעוועהנליכער פאך־קענט־
ניש, וועלכער שטעהט טאָג און נאכט אויף זיין פּאָסטען —
איינער אליין אויף אזא געגענד — און העלפט יעדען מיט זיין
ליבעסווירדיגקייט און רעדען צו יעדען אויף זיין שפּראך —
אַלע שפּראכען קען ער — און ווי אַ טרייער חבר באַרוהיגט ער
יעדען קראנקען, וועלכער פיהלט זיך זיכער און גליקליך ווען דר.
קריגער איז ביי זיין בעט. ניט אומזיסט האָט די אָרימע צפת
געשטורעמט ווען ס'האָט געהאַלטען, אז ער זאָל פון צפת אוועק־
געהן.

אַלס מנהל פון דעם בית־הספר, האָב איך דריי יאהר אין
צפת מיט מיינע ברידער געלעבט. פיל מאָל איז מיר אויסגעקו־
מען צו קעמפען געגען אלעמען, געגען זיך אליין, געגען דעם לעה־
רער־פערסאָנאל, געגען די עסקנים. פיל מאָל האָט מיר מיין הארץ
געבלוטיגט צוזעהענדיג ווי עס געהט אונטער אזא הערליכע אל־
טערטימליכקייט, אזא גרויסער מאָמונמעט פון תורה, קבלה און
קדושה. א סך מאָל אָבער האָב איך אויך זיי, די עטליכע עסקנים
און דעם גאנצען קהל, צו רוה ניט געלאָזען, און צום סוף האָב
איך זיי פארלאָזען אין עלענד, צער און טרויער.

אָבער וואָס טוט מען כדי אויפצולעבען צוריק די קהלה פון
צפת און זי צו ראַטעווען פון אונטערגאנג?

דאָס איז א פּלאַץ, וואו די לופט אליין איז א היילונג. אזוי
האָבען באשטעטיגט אַלע דאָקטוירים־ספּעציאַליסטען. די לופט
איז דאָרט א היילונג פאר שווינדזיכטיגע, פאר בלוט־אָרימע,
פאר רעוומאטיזם־ארטרעטיזם, א. ז. וו. דאָס איז א פּלאַץ, וואס
איז פּראָקלאַמירט געוואָרען אַלס צווייטע שווייץ פון דעם נציב
העליון העברערט סעמיועל אויף דעם באנקעט נאָך זיין זעקס־וואָ־
כעדיגען אָפּרוה דאָרט; א פּלאַץ, וואס קען ווערען ווי סעמערינג
אין עסטרייך און נאָך פיל בעסער — איז אזא אָרט איז ניטאָ
וואָס צו טאָן?!

עטליכע גרויסע האָטעלען, א טאַבאַק־פאַבריק, א טליתים־

פאבריק און נאָך עטליכע אונטערנעמונגען, און דער גאנצער ישוב איז גערעטעט און קען ווידער ווערען א קוואַל פון גליק פאר דעם גאנצען גליל. מיט א געוויסער אנשטרענגונג איז זעהר לייכט צו שאפען א מארק אין לאנד אפצוזעצען די פראדוקטען פון צפת, ווי מילך, פוטער, האָניג, אייער און גרינס, מיט וואס צפת איז באריהמט.

מיין האָפנונג און גלויבען, אז דער טאָג פון אויפבוי און גליק קומט אויך פאר צפת, ווערט שטארקער און גרעסער נאָכדעם ווי איך האָב זיך באקענט מיט אונזערע ברידער אין אמעריקא, וואו עס לעבט א אידיש גאָלדען הארץ, א גרויסער פארשטאנד און פראקטיק און וואו עס וואקסט א גרויסע גאולה־באוועגונג פאר אונזער פאָלק און לאנד. אָט די ברידער אונזערע וועלען אויך ברענגען די גאולה פאר דעם פראכט־ווינקעל, פאר דער שעהנער און הייליגער שטאָדט צפת!

# פקיעין, דער הייליגער צענטער פון אַלטען ישוב.

דאָס איז געווען מיט פינף יאָהר צוריק. די ערציהונגס־פראַגע אין ארץ ישראל האָט זיך נאָך דאן געטראָגען אויף די ברייטע פליגלען פון גרויסע שעהנע ערציהונגס־פּלענער פאר אונזער יונגען דור אין ארץ ישראל, אפילו אין די פארוואָרפענסטע ווינקלען פון לאַנד. איך האָב ערשט איינגעאָרדענט די שוהלע אין צפת, באַקום איך אַ באַפעהל פון דר. לוריא, דער מנהל פון ועד החינוך אין ארץ ישראל, צו זאָרגען זאַפאָרט פאר די קינדער, וועלכע לעבען אכט שעה גאַנג פון צפת, צווישען די בערג אין „פּקיעין", אום איינצואָרדנען פאַר זיי אַ שוהלע מיט אַ פּאַסינגען לעהרער.

נאָך צו מאָרגענס האָב איך פאַראָרדענט פאַרטיג צו מאַכען מיין רייזע אין דער באַגלייטונג פון חבר בערנשטיין, אַ לעהרער ביי מיר אין שוהלע, אַ צפת געבאָרענער, קאָן אראַביש, און ווייס דעם געגענד, און ה' לוי, אַ ספרדישער יונגערמאַן, וועלכער זאָל זיין דער לעהרער פון „פּקיעין".

ווען איך האָב געענדיגט מיין ארבייט אין שוהלע, פּונקט האַלב נאָך 2 דעם זייגער נאָכמיטאַג, זיינען מיר אַלע דריי

*) געדרוקט אין „דאָס אידישע פאָלק" אין 1925. פערשידענע אידישע צייטונגען האָבען דעם ארטיקעל איבערגעדרוקט.

ארויסגעפֿאָהרען פון צפת אויף דריי אראבישע געניטע אָנגעזאָטעל־טע פערדלאך.

אראָפּגעקייקעלט זיך פון צפת׳ער בארג, געכאַפּט א בליק אויף דעם פארבייגעהענדען בית הקברות, וועמעס קברים זיינען אזוי בולט און ווייסען אויך צו דערצעהלען אזוי פיל גדולה פון אמאָל, פון גאונים און צדיקים, וועלכע האָבען זייער בענקשאַפט און ברענענדען שמערץ נאָך דער גאולה אויסגעדריקט אין תעניתים, אין תפילות ובקשות, אויסגעווייקט מיט הייליגע טרערען און שמערצען. אָט איז דער קבר פון דעם „ארי הקודש“, דער קבר פון דעם „בעל השלחן ערוך“, יוסף קארו, וועמעס אותיות אויף דעם אלטען שטיין זיינען אזוי בולט און נאָך און אָהן א צאָהל. און דאָס אַלעס ערוועקט אין דיר אַזוי פיל עראינערונגען און זכרונות. און אזוי אריין אין טאָל און ווידער אויף דעם בארג, וועלכער פיהרט צו עין זיתים, אָדער ווי די אראבער רופען עס „זיתון“.

פרייער איז דער אראבישער „זיתון“, וועלכער איז אימער אין גרינס מיט אויסגעארבייטע גערטנער פון גרינסען, באוואסערט פון די צוויי אייביג־פליסענדע קוואַלען, וועלכע שטראמען פון אונ־טער די בערג פארפלאָנצט ארום און ארום מיט אַלערליי פרוכט־בוימער, ביי וועלכע ס׳שטעהט נאָך דער אלטער בית־המדרש „זכר לחורבן“ פון דעם גרויסען אידישען ישוב, אין ווע־מעס רוהם די אראבער האָבען ווארשיינליך א פּאָר קברים פון זיי־ערע הייליגע באהאלטען. מיר לויפען געשווינט, און לויפען דורך דעם וועלדעל פון די אייביג־גרינע זיתים בוימלעך, געהען דורך דעם צווייטען בערגעל און פאר אונז אנטפּלעקט זיך דער אידישער „עין זיתים“, וואו דער אלטער עסקן, דער גוט־באקאנ־טער ליבער ר׳ דוד שוב, האָט דאָס אמאָל אין באראָנ׳ס נאָמען געלייטעט.

די מלחמה האָט צושטערט די אלע פּלענער פון די רעזשי־צער חברים, וועלכע האָבען דאָרט אמאָל זעקס טויזענד דונאַם

לאנד געקויפט, און האָבען געוואָלט אויף דעם פּראכטפולען קאלך־
בערגיג באָדען וויינגערטנער און „זיתים" פּלאַנצען, און נאָך און
נאָך. א גרויסע צייט זיינען זיי שטאָלץ געווען מיט זייערע טרויי־
בען, וועלכע זיינען געווען נאָך בעסער פאר די „חברונ'ער", גרויס,
זאַפטיג און צוקער־זיס, און די לופט אין עין זיתים איז פאר־
פומע, ערפרישט און ערקוויקט, און די וואסער איז קאלט, ריין
ווי קריסטאל.

אַ יאָהר ניין איז דאָרט געזעסען אויך דער גאון ר' יעקב
דוד פון סלוצק און האָט דאָרט זיין גאוניש געוועב אויף דעם
תלמוד ירושלמי פארפאָלקאָמט. ליידער האָט די מלחמה דאָרט
אלעס רואינירט. נאָר איינער, א פאר'עקשנ'טער, דער אלטער
„בועז", אַ געוועזענער מלמד אין רעזשיצא, איז דאָרט מיט זיין
אַלטער פרוי געבליבען, פאר'עקשנ'ט פון אָרט ניט אוועק. ער מוז
דעם אידיש פארמעגען אין נחלה און עין זיתים היטען... איינ־
זאם, ווייט פון ישוב, די סאָלדאַטען, די אַראַבער, באַפאַלען, רויי־
בען, שלאָגען, און זיינען גרייט אויך צו מאָרדען. אָבער בועז
געהט פון דאָרט ניט אוועק. הייליג — טייער איז פאר איהם
יעדער גראָז, יעדע בוימעלע, יעדער שטיינדעל, און אַ פשיטא
שוין יעדער בנין, און ער האלט אויס איינער אליין, און לעבט
איבער דעם קריג, און דערוואַרט נאָך ניין משפחות קלייבען זיך
ביסלעכווייז אויף, אָבער דער באָדען איז פארלאָזען. די בוימ־
לאך, וועלכע האָבען ארייגעזאַפּט ר' בועז'ס, דעם אלטענ'ס טרע־
רען און יאָמער, זיינען אויסגעדאַרט, אלע קראנק געוואָרען, גע־
לעבט אָהן פלעגונג, אָהן קיין השגחה, צובראָכען דורך די גנבים,
וועלכע האָבען געפליקט און געריסען אָהן רחמנות, און די וואָרצ־
לען צוטראטען דורך די פערדישע פיס — א תל פון אלעם גע־
וואָרען, ביסלאַכווייז צוריק אָנגעהויבען צו פאררי‌כטען, גוט צו
מאַכען. אָבער די חורבות זיינען נאָך דאָך פארבליבען. בועז, דער
אלטער, האָט נאָך דאָן געלעבט און האָט פון זיינע חברים געלד
תביעות און צפת'ער „משפט השלום" געפאָדערט.

און לינקס, אויף דעם בארג, דער וועג נאָך מירון. דאָ איז דער קוואַל, וועלכער טרינקט אָן אַלע פּוס־געהער, און באַזונדערס די פאָהרענדע נאָך מירון — ארויף אויף דעם שפּוע פון בארג. און געגען אונז א בארג שטיינער אין אַ פאָרם פון א א מצבה. אונטער זיי רוהען די ביינער פון דעם גרויסען תנא און חריף, ר׳ יהודא בר עילאי. א ציטערניש נעמט אייך ארום. אין מיטען פעלד — שטיינער, אָהן קיין אויפשריפט, קאַלטע, שטומע — זאָגען עדות. דאָס איז דער קבר פון דעם גרעסטען רעדנער אין דער צייט פון די תנאים פון דער ווארעמסטער פיהלענדער תנאישע הארץ, פון דעם שארפזיניגסטען, יהודה בר עילאי. ארום דעם קבר רעשטלעך פון שטיינער, ווארשיינליך פון אַן אלטען אידישען ישוב. די שונאים האָבען אַלע פארניכטעט, או זצוויי טויזענט יאהר האָט אַלעס אָפּגעמעקט, אפּגעווישט — קיין זאך ניט צו דערקענען, נאָר די מצבה פון דעם הייליגען תנא איבערגעלאָזען. און ארום איהר די שכינה און קדושה פארטרייבען ניט געקענט.

עס ווערט שפּעט, מיר לויפען ווייטער. דאָ קומען מיר צו א וועג, וועלכער איז פארשאָטען מיט בערג שטיינער, קוים וואס מיר קריכען דורך און קומען ווידער צו דער פלעכע, לויפען דורך די זיתים־בוימלאך אויף דעם וועג, וועלכער פיהרט צו מירון. די גאַנצע שטרעקע וויסט און לעער, — קיין לעבעדיגע זעעלע ניט באגעגענט, צום ערשטען מאָל דערזעהען פון ווייטען א קליין בעדואינערל, וועלכער פיהרט זיינע קעמלען, איז פלינק ווי דער טייוועל, שפּרינגט אראָפּ און ארויף אויף די הויכע קעמלען און רייט אויף זיי ווי זיין הארץ געלוסט, חבר׳ט זיך מיט די יונגע קעמלען, מאכט מיט זיי פארשידענע קונצען. אונז דערזעהן, געשווינד ארויפגעשרפּונגען אויף א קעמעל, צוגעלאָפען, אונז דעריאָגט. באקשיש, באקשיש — האָט ער ווידערהאָלט פיל מאָל. זעהט אויס שווארץ ווי די נאכט, א פּאָר שווארצע

ברענענדע אויגען, פעסט געבויט, א לאַנגען שטעקען אין האנט, און ווידער פארשוואונדען. מיר דערנעהנטערען זיך צו „מירון".

אמאָל איז דאָ געווען א אידיש דאָרף, נאָך אין די צייטען פון די תנאים — ביז דער לעצטער צייט. היינט זיינען דאָ נאָר הייליגע קברים געבליבען. די קברים פון ר' שמעון בר יוחאי מיט זיין זוהן, ר' אליעזר, ארומגעצאמט מיט א גרויסען הויף, ארום און ארום הייזלאך, צימערען, אין הויף אויף די קבירם א בנין. דאָרט איז די שוהל, וואו מען דאווענט און דאָרט רוהען די גרויסע נשמות: ר' שמעון בר יוחאי, די ליכטיגסטע פערזענליכקייט צווישען זיינע חברים, די תנאים, די צענטראלע פיגור, דער קעמפענדער גייסט פאר פרייהייט, גערעכטיגקייט, ליכט און וויסען, ארום וועמעס קאָפּ ס'האָבען זיך אזוי פיל לעגענדעס געוועבט, ווי ארום דער גרעסטער נשמה פון זיין דור, וועמעס קבר איז א הייליגטום פאר צעהנדליגע טויזענדער אידען, וועלכע ציהען זיך פון אלע ברעגען אייראָפּא און אזיע, ל"ג בעומר, דעם 18טען אייר, אויף זיין קבר צו באזוכען און אויף דעם קאלטען שטיין הייסע טרערען צו פארגיסען. ניט צו באשרייבען די שטימונג, וועלכע ווערט געשאפען ביי דעם טויזענד קעפיגען עולם ל"ג בעומר, ווען זיי קלייבען זיך צוזאמען ארום דעם הייליגען קבר אין מירון, — רייטער און פוסגעהע צהען זיך אין דער רייהע, טאָג ווי נאכט אָהן אויפהער, נאָך וואָכען לאנג פאר ל"ג בעומר — אָרימע און רייכע, אלטע און יונגע, מענער און פרויען, קליינע און גרויסע, קינדער — פון ווייטען און פון נאָהענטען — אלע קומען זיי, ווער נאָך הילף, נאָך פרנסה, ווער נאָך א ברכה, א רפואה פאר א קראנקען, ווער סתם א מסורת, ער מוז אלע יאהר באזוכען דעם הייליגען קבר, און ווער צו דעם גרויסען יום טוב ,צו דער „הדלקה„.

א מערקווירדיגע ערשיינונג. 12 ביינאכט קלייבט מען זיך צוזאמען אויף א הויך פלאץ ארום דעם קבר, מען גיסט בוימעל און מען ווארפט אָן טיכלעך, בלוזקעס, קליידער און מען צינדט

אָן אַ גרויס פייער, וועלכער לייכט אויף דעם גאַנצען געגענד, אויך אין צפת, אַ 14 קילאָמעטער ווייט זעהט מען גענוי דעם גאַנצען פּאַראַד. און גרויס איז די התלהבות און היליג דער פייער, ארום וועלכען אַלטע און יונגע טאַנצען אַ גאַנצע נאַכט, טאַנצען ווי פאַר'כשופ'טע, פאַר'שיכור'ט. ווער ווייס, פיליכט שטאַמט דער אַלטער מנהג פון הונדערטער יאהרען, און ווער ווייס אויב נאָך ניט פריהער. דערפון וואס אין „חסד לאברהם" ווערט גע־בראַכט דער מאמר: „בי"ח איר התפשט ר' שמעון בר יוחאי את בגדיו בגדי החומר שלו והתלבש והתעטף בבגדי האור עד שהיה לאבוקה גדולה מאז החליטו לחג בי"ח אייר בהלולא וחנגא", דאָס הייסט, דעם 18טען טאָג אין חדש אייר, ל"ג בעומר, האָט דער תנא ר' שמעון בר יוחאי אויסגעטאָן, אראָפּגעצויגען פון זיך זיינע קליידער — די בגדי החמר, די קליידער פון מאַ־טעריאַל, פון וואָכעדיגקייט, און האָט זיך אָנגעקליידעט אין קליי־דער פון ליכט, ביז ס'איז געוואָרען אַ גרויסער זייל פייער און ליכטיגקייט... פון דאַן איז באַשלאָסען צו פייערען ל"ג בעומר מיט גרויס שמחה און פייערטאָג.

ווער ווייס, פיליכט איז די אבוקה — דער גרויסער פייער אַ סימבאָל פון התפשטות הגשמיות, מען וואַרפט אַריין די קליי־דער, די „בגדי החומר" און יעדער איד דאַרף זיך איינהילען אין די „בגדי האור", אין ליכט־קליידער, מיט וועלכע ער דאַרף שיי־נען און לייכטען ווי אַ לייכטענדער זייל...

עס ווערען באַזוכט אויך די איבעריגע קברים, אבער נאָר צו מאָרגען פריה, מידערהייט, ווי מען געהט אויף קבר אבות. אבי־סעל העכער, הארט ביים אַראַבישען דאָרף, דעם קבר פון ר' יוחנן הסנדלר, צו דרום אין טאָל צווישען די צוויי בערג ביי דעם וואַסער, וועלכער פליסט ארויס פון אונטער זיי און צוגיסט זיך אין אַ לויפענדען שטראָם. דאָס איז דער שטראָם „מגידו", וועל־כער פאַלט אַריין אין כנרת, וועמעס שטראָם דרעהט די רעדער פון 28 וואַסער־מיהלען, אויסגעבויטע פון אַראַבער. ארום דעם

טייך פון איין זייט, רעכטס, אין דעם שפּוע פון באַרג, אין דער גרויסער מערה, די קברי בית הלל. ביי דער טיר פון דער מערה, זעקס קברים, דריי קברים רעכטס, דריי קברים לינקס. מען זאָגט אז דאָס זיינען געווען די שמשים. אין דער מערה אויסגעהאַקט א וואונדער־צימער, און אַרום אלע ווענט אויסגעהאַקטע פון איין שטיק — 24 קברים, א פּאָר געעפענט. מען זאָגט, דאָס איז גע־מאכט געווארען פון נאַפּאָלעאָן. אויף דער צווייטער זייט טייכעל, אויף דער שפּוע פון באַרג, ווידער אזא הייל און ווידער דיזעל־בע צאָהל קברים, פון דרויסען און אינווייניג, מיט דעמזעלבען שניט און מאָדעל, וועלכע מאכען אַן אומפארגעסליכען איינדרוק אויף זייער צושויער.

פּילייכט איז גערעכט דער פּראָפעסאר סלושץ, וועלכער האָט ערקלעהרט, אז דאָרט זיינען נאָך זיין מיינונג די קברים פון די כהנים בעלי־המשמרות. עס איז ווי א גרויס שטיק הייליגטום, וועלכע ריידען צו דיין געפיהל, צו דיין הארץ, א גרויסע עראי־נערונג וועלכע וועקט דיין זכרון, דיין עהרע, דיין שטאָלץ. פון דיין רוהמרייכע גרויסע פארגאנגענהייט און דו הויבסט אָן פיה־לען אין אלע דיינע חושים אז דו ביזט אין דיין אלטער היים, אויף דעם לאנד פון דיינע אָבות, פון דיין אמאָליגער און קומענ־דער זעלבסטשטענדיגקייט, פאָלקס־עהרע און פאָלקס־ווירדע! — שווער, זעהר שווער איבערצוגעבען ווי גליקליך דו עלענדער גלות וואנדערער הויבסט זיך אָן צו פיהלען אין אזא מקום קדוש. עס גלייכען זיך אוים אַלע ביינער — דיין הארץ גיסט זיך אָן מיט פייער, מיט ווארעמקייט און מיט אזוי פיל גדולה... שווער אפּ־צערייסען זיך פון אזא ווינקעל...

אַרום די קברים נאָך א פּאָר הייזלאך, וואו עס איז געווען אַמאָל אויך א ישיבה, א מקוה — היינט חורבות — און אַביסעל העכער א חורבה, בלויז צוויי ווענט, די מערב־וואַנט און די מזרח וואנט פארבליבען. דער שער, די צוויי עמודים אויסגעהאַקטע ריזען שטיינער, שטעהען נאָך פעסט אויף זיי דער משקוף, א לאנ־

נער ריזען־שטיין צעפיצעלט אין ברעקלאך, צעבראכען אבער הענגט און פאלט ניט אראפ — פאר׳עקשנ׳ט, איינגעשפארט איין שטיק צום צווייטען און אלע צוזאמען הענגען אין דער לופט... מען זאגט, אז ווען דער שטיין וועט אראפפאלען, קומט משיח... דער־ווייל פאלט ער נאך ניט... דאס איז דער בית המדרש פון דעם גרויסען תנאי ר׳ שמעון בר יוחאי, דאס איז געווען ביי אן אראבער אין די הענד, האבען דאס ביי איהם קאטוילישע גייסטליכע אפ־געקויפט...

זיי פארשטעהען וואס פאר א שטיק היילינקייט דאס איז. האט אבער גאט ניט געוואלט און דער זכות פון צדיק איז געווען גרוים און א איד א ספרדי האט דאס אויסגעלייזט.

דא הויבען מיר זיך אויף צום עצמון, דער העכסטער בארג אין ארץ ישראל, דער הערליכסטער פלאץ אין דער וועלט. אויך איהם האט מען פארקויפט פאר א קלייניגקייט... אן אראבער האט דאס געקויפט פאר דעם קריג. אויבען אויף דעם בארג וואונ־דער קוואלען דוקא אין דער הויך. אייז־קאלט, סיי זומער, סיי ווינטער. אויך דא געפינען זיך צוויי מערקווירדיגקייטען, קיילעב־דיג אויסגעהאקטע ברונעמס, הונדערטער מעטער טיף. פיר סעקונ־דען לאנג לויפט א שטיין ביז איהר דערהערט זיין קלאפ אויף א גרונד... דער בארג איז באדעקט מיט ווילדע בלימלאך און ריזען־שטיינער. איך האב זיי ליב אין ארץ ישראל. די שטיינער זיינען ניט קיין איינפאכע שטיינער, דאס זיינען שומרים. עס שיינט מיר ווי מיט אויסגעשטרעקטע ארעמס האבען זיי ארומ־גענומען די ריזען־בערג און באוואכען זיי, אז קיינער זאל צו זיי צוקומען ניט קענען, גארניט געניסען פון זיי... דאס זאל פאר קיינעם ניט בליהען, פאר קיינעם ניט שפראצער. זיי ווארטען אויף די גבורים, די חלוצים, די קינדער פון ישראל, אונטער זיי־ערע דריי־און־צוואנציג פונטיגע האמער־קלעפ גיבען זיי זיך אונ־טער... אריבער דעם בארג דורכגעשניטען דעם טאל און ווידער אויף א בארג און פארבייגעלאפען דעם דארף „בית־דגון״, וואו די

רייכע דרוזען לעבען — סטאַדעס פערד, קיה און שאָף האָבען מיר שוין דאָ דערזעהן, פיטערענדיג זיך.

דער חבר בערענשטיין לייגט פאַר צו נעכטיגען ביי די דרוזען, ביי זייער „שעך״, א מכניס־אורח. ער, ווייזט אויס, האָט פארשטאַנען אז די נאַכט וועט אונז אין וועג פארכאַפּען און אז עס איז ניט כדאי ארומצואַבלאָנדזשען אין די „פקיעינער״־בערג.

איך האָב דאָס אָבער, אלס ניי־געקומענער, ניט פארשטאַנען, און דערצו געאיילט, איך וויל וואָס שנעלער צוריק אין שוהלע אין צפת קומען. מיר פאָהרען ווייטער שנעל געלאָפען ארויף אויף די בערג פון פקיעין. און דאָ אנטפּלעקט זיך פאַר אונז א וואונדער פאנאראמע. דער ים התיכון, מיט זיין גאנצער ברייט, די שיפען און די שיפלאך שפּאַצירענדיג אויף איהם צו דרום „חיפה״ מיט דעם פראכט פון כרמל, מיט דער נייער שכונה הדר הכרמל — צו צפון „צור״ און גלייך געגען צו מערב עכו, און דער ים, עס דוכט זיך אָט איז דאָס מיט דער האנט צו דערלאנגען... און דאָס איז סך־הכל זעכציג און אכציג קילאָמעטער. אזוי דורכזיכטיג, אזוי קלאָהר איז די לופט.

מיר געהען לאנגזאם, ווייל לויפען קען מען שוין דאָ ניט. אונזערע פערדלאך זיינען שוין אויך מיד — ארץ ישראל בערג און טאָלען. אזא שטרעקע דורכגעלאָפען אין דריי שעה. אָבער וואָס מאכט מען, די זון איז שוין באלד אויף יענער זייט ים. די נאכט רוקט זיך אָן. מיר געהען ווייטער, באצויבערט פון דער פראכטפולער זון־אונטערגאנג. אלע קאָלירען שפּיגלען זיך פאר דיר אָפּ:: בלוי, גריז, און העל שטראהלט מיט ליכט, מיט אויסגעגאָסען חן, הימעל־קאָליר, ים־קאָליר אויסגעמישט מיט שטראהלען פון דער לייכטענדער זון, פאר׳כישופ׳ען דיר און דו זעהסט זיך גאָרניט ארום ווי דער חושך קומט אָן...

ארץ ישראל נאכט. שטאָק פינסטער, גאָרניט צו זעהן. מיר הערען נאָר די טריט פון די פערדלאך וועלכע זוכען מיט גרויס

מיה דעם שמאָלען אויסגעטראָטענעם וועגעלע, ריידען זיך דורך איינער מיט דעם צווייטען. עס פאַנגט זיך אָן א שאַקאַלען טרויער, וועלכער פילט אָן די שוואַרצקייט פון דער נאַכט. א שרעקליך יאָמער־ליד, צוערשט פאַנגט אָן איינער, פונקט ווי ער וואָלט דער „חזן ראשי” זיין, נאָך איהם א סך העלפען איהם אונטער מיט פאַרשידענע שטימען, און ווען זיי ענדיגען פאַנגט, ווי עס שיינט, אָן א צווייטער און אזוי כסדר. א שוידער געהט דורך איבער דיין לייב. דאַן האָב איך דערפיהלט ווי גרויס אונזער יאָמער דאַרף זיין אויף אונזער וויסט און חרוב לאַנד, און וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער, אַלץ רוישענדער זייער קלאָג־ליד.

וועמען באַקלאָגען זיי דאָס אזוי ביטער? די וויסטעניש, אָדער אונז אונגליקליכע קינדער פון פאָלק ישראל? עס ווערט שווער אויפ'ן האַרצען.

קומענדיג אין פקיעין 8 אוהר אווענט, האָבען מיר מידע גע־פונען אונזער אויפנאַהמע ביי דעם מוכתר ה' כהן אין זיין וואוי־נונג. אין א גרויס צימער אויסגעשפּרייט מיט טעפּיכער, איז געזעסען דער בעל הבית אויף דעם דיל, די פיס אונטער זיך, און געראויכערט א נרגילה. די ידיעה, אז געסט זיינען געקומען האָט זיך שנעל פאַרשפּרייט צווישען די פקיעינער אידען. די טיר האָט זיך געעפענט און די פקיעינער אידען זיינען געקומען איינער נאָך דעם צווייטען, יונג און אַלט, קליין און גרויס, ווער עס איז נאָר ניט קראַנק געלעגען, איז געקומען מקבל פנים זיין די געסט. דער גרעסטער טייל פון זיי זיינען געקומען באָרוויסע, האָבען פאַרשפּאָרט די מיה די שיך ביים טיר אויסצוטאָן, ווי דער מנהג איז ביי זיי — מאַנכע אפּגעריסענע... שטיל זיך אויסגעזעצט אין עגול איינער הינטער דעם צווייטען א 35 מאַן בערך אזוי, אז דער גרויסער צימער איז געווען גוט אָנגעפילט.

אין זייערע אויגען האָבען מיר אויסגעזעהן ווי מלאכים. קיין וואונדער. זעהר זעלטען ווען ס'טרעפט עס זאָלען קומען באַזו־כער אין פקיעין. צו זייער פרייד איז קיין ברעג געווען.

אַלע האָבען געשוויגען, נאָר צוויי־דריי פון זיי האָבען מיט אונז גערעדט העברעאיש, אָבער אויך זיי באהערשען בעסער אראַביש. דאָס איז זייער מוטערשפּראך. זייער קליידונג און טראַכט איז אַראַביש — ברייטע הויזען, וואס זעהט אויס, ווי אַ ברייט קלייד אדער ווי אַ זאַק, אַ ווייס טיכעל ארומגעוויקעלט דעם קאָפּ, מיט אַ שוואַרץ רייף געפלאָכטען פון האָר ארום דעם שטערען. מאנכע פון זיי אין אַ רויטער פעסקע, אַ תרבוש אונגעהילט אין אַ באַיעס, און דאָך האָבען מיר זיך געפיהלט איינער צום צווייטען אזוי נאָהענט.

דאָס ערשטע וואס זיי האָבען געוואָלט וויסען איז געווען, וואָס שרייבט דער גרויסער דר. ווייצמאַן. זיי האָבען שטאַרק באקלאָגט זייער עלענדקייט. מיר, — האָבען זיי געזאָגט, — זיינען פארוואָגעלטע און פארלאָזענע. זיי האָבען גאָר ניט און ווייסען גאָר ניט. און נאָך זייער מיינונג, וואַרטען זיי מעהר און לענגער פאר אַלע אידען.

דאָ אין דעם ווינקעל, — זאָגען זיי — צווישען די הייליגע בערג לעבען זיי נאָך פון די אור־אַלטע צייטען, אזוי ווי זייערע אבות נאָך פון חורבן אָן. זיי זיינען שטאָלץ דערמיט, קיינמאָל אין גלות און חוץ־לארץ ניט געווען. אזוי באהויפּטען זיי. דאָ געלעבט, געליטען, געגלויבט און געוואַרט אויף דער גאולה. געהיט די הייליגע נחלה מיט די הייליגע קברים ארום אונז. אונטער אַלע אומשטענדען און יסורים האָבען זיי קיין מאָל געדענקט צו פארלאָזען זייער הייליג פקיעין...

אפילו די, וועלכע זיינען יעצט אין חוץ־לארץ, אין בראַזיליע און אויסטראַליע, שרייבען אונז, אז זיי קומען אויך צוריק. יעצט, אז די גאולה קומט, ווייסען זיי אויך גאָר ניט, פאר וואס מען שיקט זיי קיין נאַכריכטען.

איך און מיינע חברים האָבען זיך פארזונקען אין זייער געשפּרעך.

שרידים פון חורבן דערזעהן, דער רעשט פון די בני יהודה. שווער א גלות־אידען גלייכגילטיג צו באגעגענען אזא לעבעדיג שטיק מיט זכרונות... אזא אלטערטום...

און דאָך ווייסען זיי צו דערצעהלען געשיכטע, וואונדער, מופתים — פון דער מערה מיט דעם באקסער, פון די קברים, פון רויבער באנדעס...

דער עלטסטער פון זיי, א איד פון א יאָהר 86, ווי ער זאָגט און ווי זיי אלע באשטעטיגען, זעהט אָבער אויס זעהר יונג, פעסט געבויט, א ליכטיג, פרעהליך געזיכט, לייכטענדע, ברענענדע אויגען. א באזונדער מזרח אידיש שמייכעל און חן, וועלכע פארשטעלען די ברייטע באָרוויסע פיס, הענט אויסגעארבייטע, אָבער הארט ווי א שטיין, אָנגעברענט פון דער ארץ ישראל זון. זיין ברוסט גוט ענטוויקעלט, אָנגעזאפט מיט ארץ ישראל קריסטאל קאלטע לופט. ארבייט אין פעלד מיט דעם פיאַש, ארבייט בעסער פאר אלע יונגע, און מיט דעם ענדערט ער זיך. ער האָט נאָך געהערט פון זיין עלטער־זיידען מעשיות, ווי אידען האָבען דאָס געלעבט אמאָל, אין דער גאנצער סביבה אידישע גרויסע דערפער אין „דלתה", „שפרעם", „סאסא", „זארמאק", און נאָך און נאָך, אָבער זיינען חרוב געוואָרען. און באזונדערס פון דעם ישוב אין פקיעין. נאָך פאר דעם קריג איז דאָ געווען ביי זיי א פיר הונדערט נפשות, הייננט נאָר 65. ווער איז געשטארבען, און ווער צולאָפען אין בראזיליע, אויסטראליע און אין אנדערע לענדער. זיי שרייבען אלע, אז זיי וואַרטען אויף דער ערשטער מעגליכקייט צוריקצוקומען. דערווייל איז די עטליכע נפשות ניטאָ מיט וואס צו דערהאלטען. קיינער אינטערעסירט זיך ניט מיט זיי. אלעמען, זאָגען זיי, האָט מען געשטיצט, געהאלפען, אמעריקאנער ברידער האָבען געלד געשיקט, אין צפת און אומעטום איז ארץ ישראל געהאָלפען, נאָר פון אונז אפילו אונזערע קראנקע אויך ניט געהיילט. געווען צייטען, ווען דער „מלאך מושיע", — אזוי רופען זיי דעם דר. קריגער פון צפת — האָט אליין גע־

הײלט א פּאָר טעג, אַלעמען רעצעפּטען־רפואות געגעבען און זײ־טער אװעק. אַמאָל האָט ער געשיקט אונז אַ שװעסטער, רפואות, הײנט דאָס אױך נישט. גאָר ניט, װי מיר װאָלטען קײן אידען געװען. בײ אונז איז הײנט שלעכט. אין אלע הײזער ליגען קראנקע קינדער, פּרױען פון די שפּעת (אינפלוענציא), ליגען אין גרױס היץ, אָהן אַ דאָקטאָר. גאָט אלײן הײלט זײ...

פון צװײטען װינקעל האָט זיך דערהערט אַ שטים, װעלכע רײסט איבער דעם װעה־רוף פון דעם ערצעהלער. א מאַן, א יאהר 50, מיט אַ בלינדע אױג, געשטופּעלטע געזיכט, מיט גראָבע ליפּען. „דאָס אלץ איז גאָר נישט ניטאָ װאס צו הערען, — זאָגט ער, — אַמעריקאַנער געלד, דאָקטוירים, קראנקע, דאָס איז גאָר ניט! אָט יעצט האָבען מיר אַ צרה — אונזער בית המקדש װערט חרוב! אין אונזער אלטער שוהל ברעכט זיך אַ װאנט, און דער מוכתר האָט געװיזען דעם גאָװערנאָר פון עכו, און זײ האָ־בען אונז געגעבען א צײט, אויב מיר װעלען דאָס ניט גוטמאַכען, װעלען זײ שליסען די שוהל... און צו פאררינכטען די שוהל דארף מען האָבען 50 פונט. װאו װעלען מיר דאָס נעמען? און אויב די שוהל װערט חרוב, האָבען מיר שוין גאָר ניט װאס צו טאָן. אויך װעלען מיר ניט קאָנען באַגעגענען זיך מיט די שכנים אין דאָרף, 400 נפשות דרוזען און מוסולמאַנער — זײ װעלען אונז זאגען אז מיר האָבען שוין גאָר ניט קײן גאָט און קײן הײליג־טום....

„ס'איז אונז א גרױסע חרפּה. ביז איצט האָבען זײ אלע־מאָל געקוקט אױף אונז און אױף אונזער גרױסע שוהל מיט גרױס כבוד... נאָך זײן מײנונג דארף די צפת'ער קהלה קומען זײ צו הילף... אָדער דער „ועד הלאומי" אין ירושלים. פון ר' דוד יעלין דעם „חכם כביר און דער נשיא פון אלע אידען אין ארץ ישראל" האָבען זײ שוין פיל מאָל געקלערט אז ער װעט זײ העלפען, און דער עיקר אויב די שוהל װעט ניט זײן האָבען זײ

אפילו ניט קיין אָרט וואו זייערע עטליכע קינדער זאָלען זיך לערנען... אין שוהל איז אויך דער חדר.

און אויב זייערע קינדער זאָלען שוין ניט האָבען וואו צו לער־נען דאַרפען זיי גאָר מעהר ניט לעבען... אין דעם האָט ער אָנגעוויזען אויף איינציגע קינדער וועלכע זיינען געזעסען פאַר־שטעלט צווישען די גרויסע, קלענערע און גרעסערע, צווישען זיי אויך אַ בחור פון אַ יאהר 17, הויך געוויקס, לאַנגליך געזיכט, ברייטעביינער, שטאַרקע הענט. און ער איז דאָס איינער פון די שילער. אין קריג איז ניט געוועזען ביי וועמען צו לערנען. די ביסעל עברי וועלכע דער אמאָליגער שוחט פון פּקיעין האָט אויסגעלערענט האָט ער אויך פאַרגעסען, און איצט וויל ער לער־נען, און באַזונדערס ריידען „לשון קודש”. ער שעהמט זיך, ער געהט אַרבייטען אין זכרון יעקב אין צייט פון בציר — דורך די בערג צו פוס שפּאַצירט ער אַוועק שנעל אַזאַ ווייטע שטרעקע — אָבער דאָרט געפינט ער פּועלים און קינדער פון קאָלאָניע ריי־דען לשון קודש און ער קאָן ניט...

צווישען זיי אויך מיידלאַך און אַלע צוזאַמען 16 תלמידים. לאַנג האָט זיך געצויגען זייער געשפּרעך, ערצעהלונגען, פאָדערונ־גען, הילף ביטעם — אָבער דער בעל הבית מישט זיך אריין און בעט אונז מידע געסט צו באַפרייען...

זעקס אוהר מאָרגענס, די ליכטיגע ארץ ישראל זון האָט שוין איהרע שטראַהלען פאַרשפּרייט אַפילו צווישען די פּקיעינער בערג, דער הימעל קלאָהר טיף און הויך. די לופט רייסט זיך אריין אין דיינע לופט־רעהרען, ערמוטיגען און שטאַרקען דיך. דו פיהלסט זיך ווי אַ בירגער, ווי אַן עהרען בירגער ביי דער הערליכער נאַ־טור — ווי אַ מיטגליד פון אַלעם וואָס רינגלט דיך אַרום. ליב און מילד איז דיר אַלעס, טייער און הייליג זיינען פאַר דיר אַלע געגענשטענדע וועלכע די אויג באַמערקט נאָר אין דעם „היכל” פון דעם געבענשט גאָט'ס ווינקעל.

פקיעינ׳ער אידען ליבען שוין גאָט — אלע פארזאמעלטע אין זייער שוהל ווי זיי ווארטען אויף אונז צום מנין.

אין א זייטיגע געסעל אפגעזונדערט פון דער אראבישער שכונה צווישען קליינע הייזלאך, שטעהט איינזאם א גרויסע מויער, הויך און לאנג, געבויט פון ריזען שטיינער. דער פונ־דאמענט זעהר אלט — דאָס איז די פקיעינ׳ער שוהל! דער מקום קדוש! אלע יונג און אלט זיינען שוין דאָ. אויך פון עזרת נשים הערען זיך שטימען פון תפלה און געבעט.

דער בעל תפלה ביים עמוד אַ יונגערמאן א פלח, דאווענט הארציג אן אייגענארטיגען נוסח, אנדערש, אָריענטאליש — מיר אין גלות דאווענען אנדערש.

ווי ערשטוינט בין איך געווארען ווען איך האָב דערזעהן צו ברכת כהנים האָבען זיך די מענער אלע איינגעהילט אין טליתים אריבער דעם קאָפּ און האָבען אָנגעהויבען דוכנען. דאן האָב איך זיך דערוואוסט, אַז אין פקיעין זיינען אלע אידען כהנים. ניט קיין לויים, ניט קיין ישראלים, נאָר כהנים, און אלע טאָג אין דער פריה ביי דאוונען דוכענען זיי. איך בין דאָס דער איינציגער לוי צווישען זיי. הארצרייסענד זיינען זייערע ברכות „יברכך ד׳ וישמרך“. זיי האָבען פאר מיר גאָר אַנדערש געקלונגען, פונקט ווי איך האָב געזעהן די אויתיות לויפען. א ברכה, א וואונש, צי גיכער א פאָדערונג פון דעם רבונו של עולם דורך די אלטע כהנים צו זעגנען און באוואכען דאָס פאָלק ישראל. איך האָב ניט קיין ווערטער ווי אויסצודריקען די שטימען די פארשידענע טענער און אקאָרדען וועלכע האָבען אָנגעפילט דעם חלל פון גרוי־סען בית הכנסת, וועלכע האָבען איבערגעלאָזען טיפע שפורען אויף מיין געפיהל, זינען און דענקען. לאנג, לאנג האָבען מיך זייערע טענער באגלייט...

ווי קומט דאָס, אז אין פקיעין האָבען זיך פארקליבען נאָך פון די אלטע צייטען נאָר כהנים? שווער אן אנטוואָרט צו גע־

פינען. אפילו דער פּאַרשער בן־צבי, וועלכער האָט שפּעטער, ווען ער האָט פּקיעין באַזוכט און אַ היסטאָרישע אָפּהאַנדלונג איבער פּקיעין געשריבען, האָט אויך ניט ערקלעהרט די סבה...

באַלד נאָך דער וואַרעמער תפלה האָבען זיי אונז געפיהרט ציינען זייערע רייכטימער... די ערשטע זאַך אַ באַזוך ביי יע־דען פון זיי אין זיין וואוינונג.

אריין אין אַ מין קעלער אדער אַ אונטער־ערדיש בנין, אַ קליין ווייס אייזעל, וועלכער איז געשטאַנען האַרט ביים אריינ־גאַנג צוגעבונדען אויף אַן אייזען קייטעל, האָט אונז מקבל פּנים געווען מיט זיין אויסטערליש וואַרעם געשריי, פּאַרגעהענדיג זיך מיט זיין קולאַראַטור... דער איינציגער איד וואָס פאַרמאָגט אַן אייזעל צו דער אַרבייט... דער רייכסטער צווישען זיי. אויף אַ בוידעם פון ברעטלעך איז דאָס שלאָף־צימער, אַ פּאָר קליינע קינדער, שוואַרצע, ברונעטע, זיינען פון דאָרט אַרויסגעשפּרונגען. יעדער פון זיי האָט אַ שטיק ברויט מיט בוימאויל אין האַנד. נאָך זיי, מיט אַ קליין קינד אויף דער האַנד, זייער מוטער, אַ יונגע, אויסגעמאַטערטע, צאַרטע פרוי, האַלב ווי פּאַרשעמט, ער־קלעהרט זי אונז, אַז איהר מאַן איז אוועק נאָך צפּת. אונטען אַ פּאָר רוגיזעס אויסגעשפּרייט אנשטאָט טעפּיכער... אין ווינקעל אויך אַ קליין טעפּיכעל. אַרום איהם עטליכע בלומען. אויף דעם קליין פענסטערעל מיט גראַטעס אַ פּאָר אַלטע ספרים — אַ חומש, אַ תהלים מיט דעם כאור, זעהר אַן אַלטער דרוק, און אַ גרויסער צוריסענער סדור. דאָס אַלעס וואָס מיר האָבען געפונען. אין אַ צווייטער הויז שוין אַ פּאָר־צימער, אָבער אויך אַן עהנליך בילד — נאָר דאָ זיינען געלעגען אויף דער ערד אין גרוים פיבער די ווירטין מיט דריי קינדער — שוין פינף טעג קראַנק. האָבען זייערע מיטלען צום שוויצען — צו ערשט זיך אריבערגעדעקט דעם קאָפּ מיט קאָלדרעס און פאַרשידענע שמאַטעס ביז דער שווייס ציהט אויס די קראַנקהייט.... געטרונקען פיל טהעע מיט לעמאָן און מיט אַ מין גראָז, וועלכען דער אַלטער דרוז פון דאָרף ראַט יע־

דען קראנקען צו געבען פאר א רפואה. און אזוי היילען זיך די פקיעינער קראנקע פון אינפלועַנציע. דערוויילע איז גאָט צו דאנקען ביי זיי קיינער געשטארבען. וואו ניט וואו א בלעך בוימאויל, א קרוג מאראָנירטע זיתים, אביסעל מעהל. און אזוי זיינען מיר דורך אלע וואוינונגען, מאנכע פון זיי עטוואס בעסער, זויבערער, באקוועמער, אָבער אלע אָהן אויסנאהם אין אן ערשט קלאסישער אָרעמקייט. זיי האָבען גאָר ניט, ניט קיין קוה, ניט קיין טראָפּען אייגען מילך און אויך ניט קיין פּרדה צום ארבייטער. איבעריגענס, זייער באָדען, וואס יעדער באזיצט, איז נאָר עטליכע אדער א צעהנדליג דונאם און זיי בעארבייטען דאָס אליין, ווייט פון דאָרף, פארשפרייט צווישען די אראבישע חלקים ווייזען זיי אונז אָן ווער אויף עטליכע זיתים בוימעלעך און ווער אויף פייגען בוימער, דאָס זיינען זייערע נחלאות!

דאָס איז אָבער גאָר ניט. דאָס הויפּט רייכטום וואָס פקיעינער אידען פארמאָגען פיהרען זיי אונז דאָס ערשט ווייזען. דאָס זיינען קברים, הייליגע קברים. מיט א באזונדער שטאָלץ ריידען זיי איבער דער נחלה וואו די תנאים רוהען. צו ערשט צו דער מערה, וואו ר' שמעון בר יוחאי האָט זי אויסבאהאלטען ווי די מסורה דערצעהלט, דרייצעהן יאהר פון די רוימישע הערשער, געגען וועלכע ער האָט פּראָפּעציייעט אדער ווי אנדערע בעלי אגדה באהויפּטען, צום אויפשטאַנד גערופען.

ארויס פון דאָרף אויף דעם וועג צו צפת אריבער דעם טייכעל, וועלכער פליסט פון א רוישענדען שטראָם, וועלכער רייסט זיך ארויס פון אונטער דעם בארג פון דער מערה. אָבער זעהט, זאָגען זיי צו אונז — דאָס איז דער טייכעל, דער קוואל, וועלכער האָט פּלוצים זיך דורכגעריסען, ווען דער גרויסער תנא האָט זיך דאָ באהאלטען, כדי ער זאָל האָבען צו טרינקען. ארויף צום בארג העכער א וואונדער באקסער בוים, א ריז, גרויס און אלט, הונדערטער צווייגען פארמאָגט זיין גזע. אָבער אויך אן אויסערגעוועהנליכער. מען דארף קיין נאטורפארשער זיין איהם צו

דערקענען זיינע טויזענדער יאָהרען, בערג מיט באַקסטער ליגען ארום איהם, אויך אפּגעפאַלענע בלעטער, ריטלאך, — און קיינער ריהרט דאָס ניט אָן, — א מסורה, ווער ס׳ריהרט דאָס אָן שטארבט... די אַראַבער ציטערען אויך צוגעהן צו איהם נאָ־הענט... דאָס איז דער בוים וועלכער האָט פּלוצלונג ארויסגע־שפּראָצט און געשפּייזט דרייצעהן יאהר דעם תנא, וועלכער, ווי זיי דערצעהלען, האָט דאָרט דעם „זוהר״ געשריבען...

הינטער דעם בוים די מערה ארום וועלכער מיליאָנען גריב־לעך מיט חלב־פּלעקען אין די שטיינער, וואו לידטלעך האָבען געברענט. יעדער ווער ס׳קומט צינד דאָרט אָן א ליכטעל... אויך ניט אידען האלטען דאָס פאר א גרויסע סגולה צו ערפילונג פון בענאבטע ווינשע און פארלאנגען... די מערה אָבער זעהט מען ניט — די טיר פארשטאָפּט מיט א ריזען שטיין... אונ־מעגליך אז מענשען זאָלען דאָס האָבען פארקייקעלט, זיי זאָגען, אז דער שטיין איז אליין געקומען צי פון בארג צי פון הימעל..

ווי דאָס זאָל ניט זיין, די מערה איז פארשטאָפּט — א צווי־בער ווינקעל. ארומגעוועבט מיט אזוי פיל לעגענדע פון קדושה, פון גבורה און פון שכינה... פארלאָזען און פארגעסען, נאָך גוט וואס דאָס איז אין אידישע הענד... די פּקיעינער אידען שטאָלצירען זעהר מיט דעם, וואס זיי האָבען אלע הייליגע פּלע־צער אין זייער רשות... ארומגעגאנגען אין א רונדען קרייז, בא־וויזען אונז פון בערגעל די גאנצע סביבה, וועלכע איז באצירט מיט א באזונדער חן און שעהנקייט. צו זיי קומט מען, דערצעהלען זיי, אלע זומער פון טבריה און פון עכו און אנדערע ערטער צו ערהאָלונג... אזוי גוט איז דאָרט די לופט און די וואסער... און לעבענסמיטעל איז שפּאָט ביליג... אָט זעהט איהר יענע גרויסע דערפער, דאָס אלעס האָט מען זיך ביי אונז געבעטען צו קוי־פען... היינט שוין ניט, אונמעגליך... אויך אונזער זיירענס הייזער האָבען די אַראַבער פארקויפט... איהר זעהט די גרויסע הויז פון ליים... א אידישע הויז אמאָל געוועז. פון דארט צום

דאָרף א האלבע שעה גאנג, ארום דעם שפּיץ פון דעם גרויסען בארג געקומען צו אַן אָפּגעזונדערט בערגעל, שוין באדעקט מיט גרינס, ארום און ארום דעם פּלאץ אין אַן עגול ריזען בוימער, אַלטע, אין מיטען איינזאם א גרויסע מצבה אויף דעם קבר פון ר׳ יוסי הגלילי. מיט א באזונדער עהרפורכט האָבען מיר זיך אַלע אויסגעזעצט ארום קבר וואו עס רוהט דער גרויסער תנא ר׳ יוסי, וועלכער האָט דאָס אמאָל פארנומען אזא בכבוד׳דיג פּלאץ צווישען די פּערל פון אידישע תנים. זייערע אויגען האָבען דאָן געלויכטען, א גרויס פארמעגענס איז דאָס ביי זיי, און זיי האָבען נאָך צוריק צום דאָרף הינטער זייער באָדען דעם קבר פון ר׳ יוסי מן יוקרת, וועלכער ענטפּער זיי אויף אַלע זייערע פארלאנגען — און איז אויך אויף אידיש באָדען... נאָהענט איז אויך דער קבר פון אלטען געוועזענעם דיין ר׳ רפאל פון צפת ע״ה. אויך דער מוכתר ה׳ כהן האָט זיך פיל מאָל געערגערט וואס ס׳קומען זעהר ווייניג אידען גאָט בעטען... אין דער צייט וואס אראבער און דרוזען קומען אזוי פיל אויך פון אזוי ווייט... און באמערקט דערביי וויציג, אז אידען ווען זיך דערמאָנען אָן די פּקיעינער קדושים וועלען זיי דאן אויך אָן אונז ניט פארגעסען...

א קיהל מילד ווינטעל האָט פון ים התיכון צו אונז דער־גרייכט און האָט אונזערע אויפגערודערטע נערווען בארוהיגט און נאָך מיין באשטעטיג פּראָגראם פאר זייער שוהלע און דעם שעה־נעם סריהשטיק האָבען זיך אַלע פּקיעינער ברידער כהנים פאר־זאמעלט אויף דער גאס און אונז ווידער מיט דער ברכת כהנים געבענשט און מיט טרעהרען, הייליגע, הייסע טרערען אונז גע־בעטען זיי ניט צו פארגעסען און איבערהויפּט זייער שוהל, וועל־כע איז נאָך לאנגע שווערע מיה סוף כל סוף געבויט געווארען, וואס האָט בארוהיגט די פּקיעינער ברידער און געגעבען מוט ווידער צו ווארטען אויף דעם גרויסען טאָג פון גאולה...